



# אַ פריילעכס

מאָנאָלאָגן
איינאַקטערס
פענשטיפעריייען

פון
# סעם ליפּצין

אַרויסגעגעבן פון
**אַמאַלגאַמייטעד ברענטש 82**
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן
ניו־יאָרק, 1938
פארלאַג „רויטע פעדים“

גראַפּערי

ביכער און ביכלעך פון סעם ליפּצין (קוועקזילבער):

איך לאַך פון דער וועלט
אַף לייטיש געלעכטער
מיט געזאַנג אין קאַמף
געקעמפּט און געלאַכט
לעבעדיק און לוסטיק
פאַר רויטע אָוונטן
רויטע פעפערלעך
ניטגעדאַיגעט
לאָמיר זינגען
קאַמפּלוסטיק
גוט־מאָרגן
אַ פריילעכס



# A FREILECHS
## (A JAMBOREE)

Copyright by
Sam Liptzin (Queckzilber)
New York, N. Y.
1938

Printed in U.S.A.

 204

הויפּט־פאַרקויף: „פרייהייט בוך־געשעפט", 50 א. 13טע גאַס, ניו־יאָרק

# אינהאַלט:



פּאָדערבלאַט געצייכנט פון וויליאַם גראָפּער

# אַ פאָרוואָרט

## (ניט קיין שפּאַס)

איך ווידמע דאָס בוך „אַ פריילעכס" מיין טאָכטער מינערווע צו איר אַריינטריט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זי געקוקט „מאָדנע" אַף די קאָמוניסטן און זייער אידעאַל. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט טיילוויז פונם איינפלוס פון דער פּאַבליק סקול, די באַלעבאַטישע פּרעסע און טיילוויז פון אייניקע אומשטענדן. זי האָט ניט גע־קאָנט פאַרשטיין די אינטערעסן פון מיין קלאַס. עס האָט אוים־געזען, אַז מיין סוינע האָט די אויבערהאַנט איבער מיין קינד . . .

פאַר ווייטאַק און פּראָטעסט האָב איך גענומען שרייבן אַף דער טעמע אַ דערציילונג: „מיין קינד מיין סוינע". איך האָב צעעפנט די וואונד פון אַ טאַטנס האַרץ, וואָס זעט צו, ווי זיין קינד ווערט אַ געצייג פאַר דעם באַלעבאַטישן קלאַס. איך האָב דאָרט געשילדערט די מעטאָדן, וואָס באַס און זיינע באַהעלפער ווענדן אָן צו סאַמען דעם קינד'ס מויעך. אָבער נאָך איידער איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרענדיקן, האָט מיר מיין קינד געגעבן צו דער דערציילונג — אַ גוטן סאָף: — זי איז אַריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אזוי אַז פון „מיין קינד מיין סוינע" איז געוואָרן — „מיין קינד מיין כאַווער"! . . . זי האָט דערפילט אַף אירע אייגענע פּלייצעס די טרויעריגע לאַגע פון דער יוגנט אין אַמעריקע און — צו דער־זעלבער צייט — זיך נענטער באַקאַנט מיט די מעגלעכקייטן און דערגרייכונגען פון דער יוגנט אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד. זי האָט אָנגעהויבן באַגרייפן, פון וואַנען עס שטאַמען די ליידן פון דעם קלאַס, צו וועלכן מיר ביידע געהערן, און זי איז געקומען אין די רייען פון איר קלאַס.

דערפאַר — „אַ פריילעכס"! אַ פריילעכס פאַר מיין טאָכ־טער מינערווע און בעמיילע אויך פאַר מיר! . . .

---

צו דער געלעגנהייט פון דער דערשיינונג פון מיין 12טן ביכל, ווילט זיך זאָגן אַ וואָרט אין פאַרבינדונג מיט מיין שאַפן.

איך האָב זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו שרייבן אַף טאָג־טעגלעכע טעמעס פון שאַפּ און גאַס. שאַפּן מאַטעריאַל, וואָס זאָל קענען אויסגענוצט ווערן פאַר היינט אומעטום, וואו עס קומען זיך צונויף אידישע אַרבעטער און פאַלקס־מאַסן צו די פאַרוויילערישע אָוונטן פון די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס. אַלס אַ בייטראַג צווישן די אַנדערע מיטלען, אין אונזער קאַמף מיטן קלאַסן־סוינע, וויל איך אויך באַנוצן דעם מיטל פון אַ סאַטיריש־וואָרט, אַ רויט־פעפערל אָדער אַ וואָרט־שפּילקע. — אויב עס געלינגט מיר נאָר דורך מיינע מאָנאָלאָגן, פעַן־שטיפעריען און טעאַטער־שפּילן.

ווען איך הער אַמאָל, ווי צוהערער לאַכן בלויז פון מיינס אַ שפּאַס, לעשיים שפּאַס, פאַרדריסט דאָס מיך, ווייל איך ציל מיט יעדן וויץ־שראַפּנעל צו טרעפן ערגעץ . . . איך וויל מיט מיין מאָשל, אַפאַריזמען און וויץ אַנאַוילן די פּייל, אַז זי זאָל לויפן אַף אַ שטיפערישן אופן — צום סוינע גלייך אין דער זיבעטער ריפּ אַריין . . .

איך וויצל זיך, — ווייל איך קעמף. און דער קאַמף איז שוין גאָר קיין וויץ ניט . . . פּרוביר איך אַביסל דערמונטערן זיך און מיינע כאַווירים צו זיין קאַמפּסלוסטיק ביז — מיר אַלע וועלן זיך קענען וויצלען, שפּאַסן און גיין אַ פריילעכס אַף די כורוועס פון אונטערגעגאַנגענעם פּאַראַזיטן־קלאַס, וועלכער פאַראומערט איצט דעם אַרבעטער׳ס לעבן.

---

זאָל אויך דאָ פאַרצייכנט ווערן מיין האַרציקער דאַנק צו דעם אַמאַלגאַמייטעד ברענטש 82, אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען אַרויסצוגעבן דאָס בוך „אַ פריילעכס“. און צו די גענויע טויזנט אַבאָנענטן פון איבערן לאַנד, וועלכע האָבן געהאָלפן דאָס אַרויסגעבן פונם בוך — צו מאַכן אַ דערפאָלג.

איך קאַמף פאַר אַ פריילעכער וועלט ! ! ! . . .

ס ע ם  ל י פּ צ י ן  (קוועקזילבער)

# מאַסע־לאַך

דראַמקרייזן און פּראָפעסיאָנעלע פאָרלייענער, זיינען געבעטן צו מעלדן
דעם מעכאַבער אין וועלכע מאָנאָלאָגן אָדער איינאַקטערס
**זיי טרעטן ארויס**

אדרעסירט: סעם ליפּצין, 50 איסט 13טע גאַס, ניו־יאָרק

# אַ פריילעכס

סאָוועטנמאַכט האָט לאַנד געגעבן —
בוים דער איד אַ נייעם לעבן.
בירא, בירא, בירא־בידזשאַן.
אַ נייער לעבן איז איצט פאַראַן!

לעבייעם אידן! לעבייעם! היינט איז מיר פריילעך! איך האָב היינט געקראַגן מיין וויזע פאַר אוילעם־אזע! איך פאָר קיין בירא־בידזשאַן! זינגט־זשע בעוורע אלע צוזאַמען:

אייגנס־מילך און אייגנס־קאָרן —
פילט דער איד, ווי נײַ געבאָרן!

אַלע יאָרן האָט מען זיך מיט מיר געוואָרפן, ווי מיט אַ פאַלשע מאַטבייע. איבעראַל האָט מען מיך גערופן מיט אַ צונאָמען און גע־טריבן מיט — אַ שטעקן . . .

דער באַלעבאָס האָט מיך גערופן רעוואָלוציאָנער. דער אַנטי־סעמיט — באַנקיר. דער זשאַנדאַרמסקע האָט מיר געשטופט זיין לאַפּע און זיין רעגירונג — פון לאַנד אַרויס . . .

איר זעט מיין באָרד? אָט־די גרויע באָרד? פריער האָבן זי געריסן קאָזאַקן, דערנאָך — פּאַלאַקן, דערנאָך — איירישע. ווער ס'האָט נאָר געוואָלט האָט געשפּילט אויף די סטרונעס פון מיין באָרד . . .

איצט, אָבער, האָט סאָוועטנמאַכט פאַרסטראַכירט מיין באָרד! די רעגירונג אַליין גיט אַכטונג, אַז אַ האָר פון מיין באָרד זאָל חלילה ניט געמינערט ווערן. נו, ווייסט איר וואָס דאָס מיינט? . . . דערפאַר, ברידערלעך, פיל איך היינט אַזוי גוט.

איז דעריבער ווידער געזונגען:

מענאַכעס־מענדלס טאַנצן כוואַטסקע
מיט קאָזאַקן — אַ קאַזאַצקע . . .

ווי איר קוקט מיר אָן, בין איך געוואָרן אַ שוטעף צו דער גרעסטער פאַבריק אויף דער וועלט . . . אַ פאַבריק — וואָס פּראָדוצירט ניי־לעבן, גליק און פרייד! . . איצט וועל איך זיין אי באַלעבאָס, אי אַרבעטער . . . קיינער וועט ניט קענען פאַררייסן די נאָז, ווייל איך ווער אַלעמענס גלייכן!

איר זעט דאָס פּאַפּירעלע? דאָס פאַרזיכערט מיך זיך צו באַזעצן אין בירא־בידזשאַן. צו באַזעצן זיך!.. ניט באַליינגן זיך מיט קאַשערע ערעץ־איסראַעל ערד!... ווער עס פאַרט אין פּאַלעסטינע צו שטאַרבן; איך פאָר אין בירא — צו לעבן...

איך ווייס ניט, צי עס וואַקסן דאָרט באַקסער מיט פייגן, אָבער פייגן פאַר אונזערע סוינים וועלן זיין איבער גענוג!... ווייל בירא גיט ברויט, בירא גיט האָניג, בירא גיט לעבן!

איר זאָרגט זיך, אַז ס'וועט דאָרט ניט זיין קיין מיניען?! נו, וועלן דעריבער אויך ניט זיין קיין טאַנייסים... וועט מען פון קיין פּאָגראָמשטשיקעס ניט קריגן געקלאַפּט אין די קעפּ און מ'וועט זיך אַליין ניט דאַרפן קלאַפּן אין האַרצן, מ'וועט ניט אַרומגיין פאַרטרויערט און ניט דאַרפן זאָגן קיין ראַבאָני־קאָדעש. דערפאַר אָבער אַ פריילעכס אַף די גרינע לאַנקעס וועט יאָ זיין! און נאָך וואָס פאַר אַ פריי־לעכס...

שטעלט אייך פאָר: ווען די יונגט קומט זיך אַזוי צוזאַמען נאָך אַ טאָג אַרבעט און מ'גיט זיך עס אַלע צוזאַמען אַ צעזינג:

לאַכט דער איד פון מעקלער, פאַקטאָר,

זיצט באַם רעדל — טרייבט אַ טראַקטאָר!...

נו, פרעג איך אייך, קאָן נאָך זיין שענערע כאַזאַנעס און אַ בעסע־דער מיניען?

מיין ווייב, אַ לעבן אויף איר, האָט מיך געהאַלטן אין איין ציען קיין ציען. לאָמיר שטאַרבן, זאָגט זי, אין ערעץ־איסראַעל, וואו אַלע אידן שטאַרבן. האָב איך איר אָבער אָנגעוויזן, ווי אַזוי ציען איז אַ מיטל אויסצוציען דעם אידן, ער זאָל קריכן אויף אַלע פיר און ערשט דערנאָך זאָל ער דאַרפן שרייען, אַז מ'קריכט אים אַפן קאָפּ, איז זי געוואָרן אַנדערש. אַי, אַ לעבן אַף איר, פאַרשטייט זי איצט!

אַמאָל, פלעגט זי מיר זאָגן: — ווען מעשיעך וועט קומען, וועלן די גויאים גיין אַף אַן אייזערנער בריק. וועט זי זיך איינברעכן און זיי וועלן אַריינפאַלן אין וואַסער. די אידן, אָבער, וועלן גיין אַף אַ פּאַפּירענעם בריק, און זיי וועלן אַריבער בעשאָלעם. איצט, — זאָגט זי מיר, — פון זיכערקייט וועגן, גיי בעסער אַף אַן אייזערנער בריק!... און זי פאָרט טאַקע מיט, מיט מיר קיין בירא זיך באַזעצן אַף ערד צום לעבן, יאָ, צום לעבן!

און איר זאָגט — אַלט... איך פיל זיך איצט יונגער פאַר אייך!

ווען כ'האָב בלויז געכאַלעמט פון דאָס ווייזעלע, האָב איך האַלב פון מיין עלטער פאַרלאָרן. איצט, אַז איך האָב זי שוין, פיל איך זיך, ווי ניי געבאָרן — יונג, מונטער און פריילעך . . .

יאָ, אַלע מיינע יאָרן האָב איך געהאַלטן אַ וואַנדער־שטעקן אין האַנט, פון לאַנד צו לאַנד, פון שטאָט צו שטאָט, פון געשעפט צו גע־שעפט און פון פאַבריק צו פאַבריק . . .

. . . אַ אידישע נאָז, אידישע אויגן, אַ אידישער הויקער, נאָדלען, שפּילקעס, פּיילן און פראָסט־פּאַשעטע שטיינער פון אַלע זייטן . . . דאָ האָט מען אונז געטריבן, און דאָ האָבן מיר זיך אַליין געדאַרפט אַרויס־גאַנווענען פונ'ם לאַנד, איבערלאָזנדיק האָב־און־גוטס!

מיינע פענצטער זענען ניט געווען פאַר זון־ליכט, נאָר פאַר פּאָג־ראָמשטשיקעס — צום צעברעכן. מיינע קישנס זיינען געווען ניט צו האָבן וואו די מידע קעפּ צו לייגן, נאָר וואו אונזערע טרערן אריינצוווייען . . .

איד, זשיד, שיני, דזשו, יודע, מיט די אַלע נעמען האָט מען אונז געשטאַכן, אויסגעלאַכט — ווי מיטן נאָמען פון אַ באַנקראָטירטער פירמע . . . איצט, סוינים, אַף אַ זעקסטל פון דער ערד לאַכט דער איד, צוגלייך מיט אַלעמען, און איך וועל לאַכן מיט זיי:

לעכאַים, אידן! אידן פון דייטשלאַנד, וואו מ'האָט אונז אוועק־געשטעלט אַף דער שוואַרצער־ליסט פון ראַסן, אידן פון פּוילן — וואו מ'האָט אונז אַוועקגעזעצט אַף געטאָ־ביינק, אידן פון פּאַלעסטינע — וואו מ'האָט אונז אַוועקגעלייגט אַף די קני פאַר דעם ענגלישן אימפּע־ריאַליזם, אידן פון רומעניע — וואו מ'הייסט אונז גיין! און אידן פון דער גאַנצער וועלט — וואו מ'בייגט אונז שטענדיק אין אַ פראַגע־צייכן . . .

דאָס דאָזיקע ווייזעלע איז אַן אָנווייזונג אַף גלייכהייט, פרייהייט און ברידערליכקייט פון אַלע פעלקער און פון אַלע ראַסן! . . .

סאָוועטנלאַנד גאַראַנטירט מיר פאַר מיין באָרד און פאַר מיין נאָז! איז, אידן, לעכאַים, לעכאַים, בירא־בידזשאַן! לאָמיר צוזאַמען זינגען אַ פריילעכס!

סאָוועטנמאַכט האָט לאַנד געגעבן —
בויט דער איד אַ נייעם לעבן.
בירא, בירא, בירא־בידזשאַן.
אַ נייער לעבן איז איצט פאַראַן!

# וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אַף מיר?

גוואַלד געשריען! אַז איך וויל ניט זיצן! וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אַף מיר? איך האָב אייך דאָך געזאָגט, אַז איך וויל ניט זיצן. פאַר מיר איז שוין געגנוג, וואָס מיין קאָפּ איז בא מיר צעזעצט... אוי, מיין קאָפּ, מיין בידנער קאָפּ!...

איר הערט, ווען איר הייסט מיך זיך זעצן, איז גלייך ווי איר וואָלט מיר געגעבן א מעסער אין האַרצן. איך ווער אַזוי אין כּעס, אַז איך קאָן צעברעכן אַלע שטולן, צערייסן זיי פיסל נאָך פיסל — און א סאָף זאָל עס נעמען.

אַז וואו מען גייט און וואו מען שטייט, הערט מען נאָר איין וואָרט: „זיץ!" — זיץ! זיץ! זיץ־סטרייק! אַז צעזעצט זאָלן זיי נאָר ווערן מיט זייער נייער פאַריזער מאָדע, וואָס גלייך איז דאָס אַריין אין דער שוסטער־גאָס!

אַמאָל איז זיצן געווען א שטראָף פאַר פאַרברעכער, אָדער מ'איז געזעסן אין געהאַקטע וואונדן, אָדער מ'איז געזעסן שיווע... איצט איז זיצן גאָר געוואָרן א מיטל, זאָגן זיי, צו זוכן פרייהייט.

און זעצן זיי זיך אוועק, — העלפן ניט קיין קונצן. איר מעגט צע־זעצט ווערן ריידנדיק, איר מעגט זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט. עס מעג אייך הויבן אין דער לופטן — זיי זיצן! א מאַגייפע אַזאַ, א זיצעמאַניע, — זיץ־סטרייק!

ווילן זייערע כעוורע קריגן א פערמיט צו מאַרשירן, גייען זיי אוועק אין סיטי האָל און זעצן זיך אוועק. וויל מען א דזשאָב בא דער רעגי־רונג — זעצט מען זיך אוועק. שטעלט מען זיך איינעם אַרוים פון די רומס, — צעזעצן זיך די כעוורע אַף די טרעפּ און מען זיצט.

וואָס דאַרפט איר מער. מיין ווייב זאָגט מיר: אוים, געגנוג שוין ליגן אין קינפּעט — א זיץ־סטרייק! געוואַלד, וואָס האָט מען זיך אָנ־געזעצט אַף מיר?

איך זאָג אַנומעלטן מיין טעכטערל, אַז איך האָב פיינט איר באָכער, וואָס זי שלעפּט זיך מיט אים אַרום, און זאָל זי מער ניט וואַגן אים

ברייננגען אין הויז אריין. דערקלערט זי מיר אַ זיץ־סטרייק און זיצט מיט אים ביז צוויי פאַרטאָג אַף דער וואַרענדע . . .

איך רעד צו אייך, ווי צו אַן אייגענעם: אויב איך וועל נאָך מעשוגע ווערן און אַרומלויפן אין די גאַסן, זאָלט איר וויסן זיין — דאָס איז פון זיצן . . .

פערצן יאָר האָב איך אָנגעלייגט מיטן קאָפּ צו מאַכן מיין שאַפּ פאַר אַ לייט. איצט, אַז פרייזן האָבן זיך, גאָט צו דאַנק, אַ הויב געטאָן; דאָס געשעפט האָט זיך געשטעלט אַף די פיס, נעמען די בעוורע און זעצן זיך גאָר אוועק . . . זיץ, זיץ, זיץ, זיץ־סטרייק! צעפּלאַצט און צעזעצט זאָלן זיי ווערן.

אַמאָל האָבן זיי געשריען: איך ליג זיי אַפן קאָרק. איצט נעמען זיי און זעצן זיך מיר אוועק אַפן קאָפּ. אַי, ווען איך קאָן דאָס אַף זיי צעברעכן אַלע שטולן? איך וואָלט דאָן געזעסן אַ גליקלעכער, ווי מיין טאַטע אין סוכה.

וואָס? איך רייד, ווי אַ צעדולטער? ווען איר זייט אַף מיין פּלאַץ, טראָגט איר אַ סטרעיט־דזשעקעט. אָדער איר וואָלט שוין אוואַדע גע־זעסן אין אַ ביידער מיט אייזערנע גראַטעס . . . איר ווייסט דען, וואָס עס מיינט צו האָבן באַ זיך אַ זיץ־סטרייק?

שוין די דריטע וואָך, ווי מ'האָט זיך מיר אוועקגעזעצט אין שאַפּ און מען זיצט. אַף מ י י נ ע שטולן, אין מ י י ן שאַפּ, אַף מ י י נ ע יאָרן — אַ זיץ־סטרייק. ז י י זיצן און א י ך ליג — ליג אין דר'ערד, ווי אונטער אַ באַרג. אוי, מיין קאָפּ! ער ווערט מיר צעזעצט! צע־זעצט און צעטראַסקעט זאָלן זיי ווערן! . . .

דעם עמעס געזאָגט, בין איך מיר אַליין שולדיק. ס'האָט באַ מיר געאַרבעט איינער אַ בעוורע־מאַן, אַ קאַבצן אין זיבן פּאָלעס. פּאַרדינט האָט ער אַ קריינק. רוף איך אים אַריין אין אָפיס און זאָג אים: „וואָס דאַרפסטו זיך קרימען און דרייען און האָבן צו טאָן מיט די אַלע בעוורע? אָט נאַדיר, זאָג איך, אַ דאָלאַר אַ רעיז, און — שאַראָפּ!"

ענטפערט ער מיר: „ס'גייט ניט!" נעם איך אַראָפּ די האַנט פון קעשענע און זאָג אים: „נו, מילא, נאַדיר נאָך אַ קוואָדער אַ וואָך און ליג איינגעלייגט".

ענטפערט ער מיר ווידער: „מיסטער פלודן, ס'וועט ניט אַרבעטן! וואָס איז, — זאָגט ער, — בין איך דען אַ ספּעציעלער יאַכסן באַ אייך? אַ רעיז — איז אַ רעיז פאַר אַלעמען.

איין פּרימאַרגן, ווען איך קום מיר אַזוי אַריין אין שאַפּ, דערהער איך מיטאַמאָל אַ פּייף. נו, ווער, מיינט איר, האָט עס געפּייפט? — טאַקע דער זעלביקער לאַבודרע מיט די צעריסענע הויזן. ער איז דאָס מיר געוואָרן דער גאַנצער פּייפער אין שאַפּ. זיי רופן דאָס אַ שאַפּ־טשערמאַן. ער פּייפט אינדערפרי, ער פּייפט אַפּדערנאַכט און . . . ער פּייפט אָף מיר — ער איז באַלעבאָס . . . אינמיטנדערינען קומט ער נאָר צו צו מיר, טוט זיך אַזוי אַ קלאַפּ אין טיש און זאָגט: „מיסטער פּלודן", זאָגט ער, — מיר האָבן באַשלאָסן צו קריגן אַ רעיז פאַר אַלע אַרבעטער אין שאַפּ".

ווער איך דאָך אין קאַאַס, טאַקע אַזוי ווי איך קאָן, און פאַנג אויך אָן צו קלאַפּן אין טיש. „מיילע", זאָג איך, — „דער טשער באַם מיטינג איז אייערער, מעגט איר זיין אַ טשערמאַן. דער טיש," — קלאַפּ איך איבערן טיש מיטביידע הענט, — „איז אָבער מיינער און באַ מיר קלאַפּט מען ניט".

— אַזוי? — גיט ער מיך אַ מעסט אָפּ מיט זיינע גאַנייוווישע אייגעלעך. — איר האָט אַ גרויסן מויל. — און דערלאַנגט גלייך אַ מאַך מיט דער האַנט: „ברידער, אַרונטער!"

אַזוי ווי זיך צוזאַמענגערעדט, האָבן זיי אַלע, ווי איינער, — גענומען פּאַראַדירן, פּונקט ווי ס'וואָלט געווען אַן ערשטער מאַי אָף זייער קאָפּ. איך האָב ניט אַנדערש געמיינט, אַז דער באָבער איז פון זינען אַראָפּ. „סטייטש", — זאָג איך, — „איצט, ווען ס'פאַנגט זיך אָן דער סעזאָן, ווען איר דערוואַרטעט צו מאַכן פולע וואָכן מיט אָווערטאַים, גייט איר פּאַראַדירן?"

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ס'איז געווען אַרויסגעוואָרפענע רייד. דאָס זיינען איינגעשפּאַרטע ברואים — ווי אַ ציגל אין וואַנט.

אויב אַזוי, טראַכט איך מיר, וועל איך אייך שוין ווייזן, אַז איך קאָן אויך זיין אַן אַקשן. האָב איך מיר אַרויפגענומען סקעבס און זיי אָוועקגעזעצט צו דער אַרבעט.

איז גוט, זאָגט איר?

נו, וואָס פרעגט איר? — ווי אַלץ איז פאַלש אָף דער וועלט, אַזוי זיינען די סקעבס.

די סטרייקער זיינען זיך אַרומגעגאַנגען אַרום שאַפּ און געזונגען זייערע לידלעך און מיינע סקעבס זיינען געשטאַנען באַ די פענצטער און צוגעקלאַפּט צום טאַקט . . .

איך זאָג אייך, איך האָב געמיינט, איך וועל צעזעצט.

געוואָלד געשריען, — האָב איך מיר גענומען רייסן בײַ די האָר. — איר נעמט דאָך מײַנע בלוטיקע הונדערטער, פאַרוואָס־זשע אַרבעט איר ניט?

ענטפערן זיי מיר:

—מיר זײַנען אַזוי צעשראָקן פאַר די סטרייקער, אַז די אַרבעט פאַלט אונדז פון די הענט...

נו, ווי געפעלן אייך היינטיגע סקעבס? אַזאַ מאַזל אויף זיי! ...

איר קענט דאָך מיך; איך בין דאָך עפּעס אַ מענטש, — ניט קיין גאַזלען. ווען איך האָב זיי, די סטרייקוטשעס, געזען אַזוי פאַראַ־דירנדיק אַ דריי וואָכן, האָב איך גענומען טראַכטן: „די בעוורע מוזן שוין געוויס האָבן מאַזאַליעס אויף די פּיס". און כ'האָב גענומען און אָנגעשריבן זיי אַלעמען, כּוח זייער מאַכער, דעם פּייפּער, פאַרשטייט זיך, שיינע בריוועלעך, טאַקע נאָר ווי אַ מאַמע צו די קינדער, און זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן קומען צו דער אַרבעט...

הערט איצט מײַן אומגליק.

לאָזן זיי זיך טאַקע ניט בעטן און קומען אויף מאָרגן גלײַך אין שאַפּ אַרײַן, צעזעצן זיך בײַ די מאַשינען — און זיצן.

— וואָס זיצט איר? — פרעג איך, — עס פעלן אייך באַנדלס?

ענטפערן זיי מיר אַלע, ווי אַ כאָר:

— אויב דער טשערמאַן פייפט ניט, — פייפן מיר אויף אייערע באַנד־לעך...

אין די רייד קומט אַרײַן זייער פייפּער און, איידער וואָס־ווען, גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט: „שוועסטער און ברידער, איר זייט איצט אַלע טשערלייט! פאַרנעמט די שטולן — ס'איז אַ זיץ־סטרייק! אַ נײַע מאָדע! אויב ס'האָט ביז איצט ניט געהאָלפן דאָס פּאַראַדירן — וועט איצט העלפן דאָס „זיצן"! ...

צעזעצן זיי זיך, און איינער פון זיי גיט זיך אַזוי אַ דיריגיר מיט דער האַנט און... מען צעזינגט זיך. אָבער אָנשטאָט דעם, וואָס אַמאָל פלעגן זיי זינגען: „שטייט אויף איר אַלע שקלאַפן", האָבן זיי גאָר אַ נײַ לידעלע: „זיצט" איר אַלע שקלאַפן"...

אַז איך האָב דאָס דערהערט, איז מיר אַזש שלעכט געוואָרן. ווען איך כאַפּ זיך דערמאָלט ניט אַז הייננער, וואָלטן זיי געזעסן און איך — איך וואָלט שוין איצט געלעגן...

האַקלאַל, איך האָב אַף גיך צוזאַמענגענומען אַביסל קויכעס, צוגע־לאָפן צו די סקעבס און זיי אַ זאָג געטאָן: „נו, מיילע“, — זאָג איך, — „וויפיל איר וועט מאַכן — וועט איר מאַכן, אָבער שטעלט זיך צו דער אַרבעט און זאָלן די „זיצערס“ צעזעצט ווערן“.

קוקן זיי מיר אָן און לאַכן:

„מיר האָבן דען אַף וואָס צו זיצן?“ — זאָגט מיר זייער מאַכער.

— „זיי האָבן דאָך פאַרנומען אַלע שטולן“ . . .

בין איך אַריינגעלאָפן אין אָפיס, צוזאַמענגעקליבן וואו איך האָב נאָר געפונען אַ שטול און זיי אַריינגעבראַכט.

נעמען זיי טאַקע צו די שטולן, גיבן מיר אַפילע ניט קיין דאַנק און . . . זעצן זיך אויך אַוועק.

— איצט, — זאָגט מיר דער מאַכער זייערער און לאַכט מיר אין די אויגן אַריין, — זיצן מיר צוזאַמען מיט די סטרייקער, ווייל היינ־טיקע צייטן לוינט זיך ניט קיין סקעב צו זיין . . .

איך זאָג אייך: עפּעס נאַר, ווי אַ דונער וואָלט מיך געטראָפן. הערט אַ מאַיסע: די יוניאָנלייט מיט די סקעבס האָבן זיך פאַראייניקט, זיך צעזעצט, ווי אין אַ טעאַטער און מיר גענומען אויסשפּילן די דראַמע „זיץ־סטרייק“.

פּרוביר איך נאָך פונדעסטוועגן און בעט זיך בא זיי:

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אַף מיר? וואָס זיצט איר, ווי די הינער? איר ווילט דאָ אויסזיצן הינדעלעך, צי וואָס? . . .

זאָגט צו מיר דער טשערמאַן מיט אַ שמייכעלע:

— גערעכט. מיר וועלן טאַקע אויסזיצן הינדעלעך און קאַטש־קעלעך, און ברויט מיט פּוטער, און מילך . . . און אַפילע רענט מיט געז־בילס וועלן מיר אויך אויסזיצן . . .

פרעג איך אייך: דאַרף איך ניט לויפן מעשוגענערווייז? ווער קאָן שטיין אַף אָן אָרט — אַז מ'זיצט . . .

און איצט, גלויבט מיר, אויב איך לאָז זיי נאָך אַביסל אַזוי זיצן, מוז איך אָנזעצן . . . און ווער ווייס? איך וועל נאָך עפּשער איבער זייער זיצן אַליין דאַרפן גיין זיצן . . .

נו, וואָס זאָל איך איצט טאָן? אוי, גאָט מיינער! האָט מען זיך דאָס אַביסל אָנגעזעצט אַף מיר. איר הערט, ווי עס זעצט מיר אין קאָפּ? . . .

# היינטיקע קינדער

א קינד איז דאָס? דאָס איז א שעד, א טייפל! גיי ווייס, וואָס פון א מאמעס בויך קאָן ארויסקומען?

אז איך פרעג מיין שוועסטער׳ס אינגל, מוישעלען: וועסט באַטש זאָגן קאַדעש נאָך דער מאמען? זאָגט ער מיר: טאַנטע, עני טיים!

פרעג איך מיין שעד, צי וועט ער זאָגן קאַדעש נאָך מיר? גיט ער מיר אזא ענטפער: מאַמע, אַז אוויירע דיין שטאַרבן, איך האַלט ניט פון קאַדעש זאָגן. נו, פרעג איך אייך, קען מען לעבן? . . .

אי, וואָס איך האָב דאָס געהאַט אויסצושטיין פון דעם קינד. וואו א קריינק, וואו א כאָלעריע, האָט דאָס אים געטראָפן. נאָר איר זעט דאָך, גוטע נעמט גאָט צו און די שלעכטע בלייבן לעבן.

איר געדיינקט דאָך די „פידעמיע״. ער איז דאַן געווען א מינוט צום טויט. האָב איך ליכט געגעבן, קוואָרים געריסן. א נאָמען צו־געלייגט, אָפּגעשפּראָכען אַן איין־אָרע און געשיקט אידן טילים זאָגן. און אַז גאָט האָט זיך דערבאַרימט און ער איז געבליבן לעבן, קומט מיין אייזיק און זאָגט, אַז דער קלאָסטיר האָט געהאַט מער ווירקונג, ווי דער מיניען מיט די בראָכעס פון אַלע גוטע אידן . . .

נו, פרעג איך אייך, האָט זיך מיר געלוינט צו טראָגן דאָס ביין מאָנאַטן, אין א שאַבעס און א יאָנטעוו, אין א רעגן און א שניי? דאַן דאָס זייגן און ניאַנטשען, דעם וויגן און האָדעווען. צום סאָף איז דאָס געראָטן אין דעם טאַטן, ווי די צוויי איקום פּורקענס — איינס איז בלויז א קלענערער . . .

וואָס דען, איך האָב אים ניט געשיקט אין כיידער? ווער איז אָבער מעקאַנע דעם רעבען, זאָל אַליין האָבן אַזעלכע קינדער.

זיינע שטוקעס, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן דעם רעבען און די קינדער אין כיידער איז דאָך גאָר ניט צו באַשרייבן.

איין טאָג קומט צולויפן דער רעבע מיט א קלאָג: מיין שעדל, מיקי, האָט פאַרקלעפּט אַלע פענצטער אין כיידער מיט אזא פּאַפּירל, וואָס רופט די קינדער אין א פּאַראַד צו פאָדערן פרייע לאַנטשעס און שיכלעך פאַר די אָרימע קינדער אין סקול.

ווען די קינדער האָבן אָנגעהויבן זייערע אוינן, האָבן זיי דערזען אפן רעבנס יאַרמאָלקע איז אויך צוגעקלעפּט אַזאַ בלעטל, און אַזוי איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען דער רעבע און אַדווערטייזט דעם פּאַראַד . . .

אויף מאָרגן איז קיינער פון די קינדער ניט געקומען אין כיידער. אַלע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט פּאַראַדעווען, און דער רעבע — איז אַ גאַנצן טאָג נאָכגעלאָפן דעם פּאַראַד, צו כאַפּן די קינדער . . .

אַ צווייטן מאָל קומט דער רעבע מיט אַ פראַגע צו מיר, — ווער זיינען דאָס די צוויי גוטע אידן אויף די בילדער, וואָס מיין מיקי האָט געבראַכט ווייזן די קינדער אין כיידער?

איין בילד, — זאָגט ער, — איז פון אַ אידן מיט אַ באָרד און אָן אַ היטל. די צווייטע — פון אַ אידן מיט אַ היטל און אָן אַ באָרד. ווען איך האָב געפרעגט מיקין, — דערציילט ווידער דער רעבע — וואו איז איינעמס היטל און וואו איז דעם צווייטנס באָרד? האָט מיקי מיר געענטפערט: זיי האָבן געהאַטביידע זאַכן, נאָר ווען ער האָט דאָס געוויזן די קינדער, האָבן זיי זיך אַזוי געריסן צו זען די בילדער, אַז בא איינעם האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן דאָס היטל און באַם צווייטן האָבן זיי שיר ניט אויסגעריסן די גאַנצע באָרד.

דער רעבע האָט די קינדער געשלאָגן דערפאַר מאַקעס רעצאַד, און אַף מאָרגן, ווען איך האָב אַ פרעג געטאָן מיין מיקין, ווער עס זיינען דאָס די צוויי גוטע אידן, זאָגט ער מיר, פון מיין אייזיק'ס מישפּאָכע . . . — עפּעס אַרבעטער פירער.

פרעג איך אייך, לוינט זיך צו האָדעווען קינדער. איך וויים דאָך שוין, אַז איך וועל ליגן אין דר'ערד, ווי אַ קאַרטאָפּלע.

ער, מיין אייזיקל, ער קוועלט גאָר אָן פון דעם זונעלע. יענע וועלט, זאָגט ער, פאַר די רייכע, און מיין שעדל, זאָגט ער, וועט אים געבן די וועלט.

ווען מיין מיקין איז געוואָרן 13 יאָר, זאָג איך אים: מיילע, נאָכן טויט וועסטו שוין האָבן דער מאַמען אין דר'ערד, אָבער איצט, אַז דיין מאַמע לעבט נאָך, שאַף איר פאַרגעניגן, לערן זיך אויס אַ מאַפטיר, לייג טפילן, דו וועסט דאָך שוין דאַרפן טראָגן דיין איינן פעקל צאָרעס. וואָס איז, ס'קאָסט דיר טייער? פאַרוואָס זאָל אַזאַ אינגל, ווי דו, ניט מאַכן אַ ספּיטש, ווי לייטישע קינדער?

זאָגט ער מיר — מאַמע, ענימיים!

איר הערט, גוטע זאַלן מיר אַזוי האָבן, ווי איך האָב אויסגעבאַקן קיכל אַף איינע אייער, אָפּגעבראָטן אַ קלאָפּס אין אַ גריווע. עס האָט די גאַס פאַרשמעקט. די פּעטס האָט געגרונצן איבער די פינגער.

איך האָב צו דער פּאַרטי איינגעלאַדן פריינט און באַקאַנטע. גע־טראַכט האָב איך: זאָלן מענטשן זען, אַז איך בין נאָך אינגאַנצן ניט פאַרלאָרן, איך האָב נאָך אויך האָפענונג אַף אַ שטיקל אוילעם־האַבע.

קומט צו דער פּאַרטי, שטעלט ער זיך אַוועק, מיין מיקי און האַלט אַ דראָשע — פרעגט שוין ניט!

די טפילין אַפן קאָפּ, — זאָגט ער, — טראָגט מען, ווי אַ מיטל, מ'זאָל ניט טראַכטן און ניט נוצן דעם קאָפּ ... די טפילין אַפן האַנט — קעדיי מ'זאָל ניט קעמפן ... און דער דאַווענען איז געמאַכט געוואָרן עקסטרע מ'זאָל זיך פאַרטומלען מיט יענער וועלט און פאַרגעסן, וואָס מיר לעבן אַף דער וועלט ...

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, איך האָב זיך צעשריען פאַרן גאַנצן אוילעם: מיקי, שעד, אַף דעם האָב איך דאָס געבאַקט אייער־קיכלעך? געשטעלט ווײַן? אייזיק, זאָג איך, צעפּאַטש דעם יונג פאַר רעדן אַזעלכע רייד צו מענטשן.

שטייט מיין אייזיק און פּאַטשט — בראַוואָ פאַרן קלוגן זונעלע.

וואָס, איר לאַכט שוין אויך פון מיר? פאַר אייך איז דאָס אויך אַ שפּאַס? ווייס איך שוין טאַקע ניט.

אַז אַ גאָט, און אַ רעבע, און טפילין, און דאַווענען, און קאַדעש איז בײַ אייך גאָר ניט, איז דאָך די וועלט קיין וועלט ניט. געוואַלד געשריען, אויב אַזוי, איך מוז זיך אַ קניפּ טאָן, לעב איך, צי ניט? ...

# אַ אידישע קישקע

ווי איך זע, איז מיט אייך פּונקט, ווי מיט מיין ווייב, — אַ גאַנצן טאָג האַלט זי אין איין קאַכן, נאָר ווי ס'קומט צום עסן — פאַרלירט זי דעם אַפּעטיט.

איר האַלט אין איין שטודירן דעם „ביל־אָוו־פער", ווי דאָס וואַלט זיין אַ מאַפּע, צום סאָף — לאָזט זיך אויס אַ סענדוויטש מיט אַ קאַפּע.

זעט איר, איך האָב פיינט צו קוקן אין דער מאַפּע . . . איך עס אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אין אַ טאָפּ אָדער אַ טעלער, אַבי ס'איז נאָר אידיש עסן: ס'הייסט, איך מיין ניט, כּאַלילע, אַז ס'מוז זיין געזאַלצן און געווייקט קעדאָס מאַלקע־באַשקע, אָבער . . . איר פאַרשטייט, אַ אידישער מייכל . . .

דעם עמעס געזאָגט, זענען אַפילע די מייכאָלים פון אַנדערע נאַציאָ־נאַליטעטן אויך ניט שלעכט. ווי צוםביישפּיל: אַ רומעניש קאַר־נאַצל, אַ אונגאַרישער גולאַש, אַ רוסישער באָרשט, אַ כינעזישער טשאָו־מיין, אָדער אַפילע איטאַליענישע ספּאַגעטי . . . נאָר וואָס דען? איך מעג מיר האָבן אָפּגעגעסן דריי טעלער באָרשט, אַ טוץ קנישעס מיט אַ דאָבל־ פּאָרציע גולאַש, דערצו נאָך אָראָפּשלינגען אַ שפּאַנישן האָמ־לעט מיט אַ גריכישן סאַלאַד, נאָר אויב איך דערזע נאָר אַ שטיקל אידישע פיש, ספּעציעל נאָך געפילטע מיט פענעצלעך מערן און פאַר־קילטער יויך, — מוז איך גלייך מאַכן פּלאַץ פאַר דעם, אַפילע ווען דער מאָגן זאָל כּאַלילע צעפּלאַצט ווערן.

איך וועל אייך זאָגן נאָך מער: טאָקע צוליב דעם אַליין האָב איך ליב דאָס ביסל אידישקייט. די גאַנצע מאַיסע — יענע וועלט, גאַן־איידן, דאָס גיב איך אייך אַוועק פאַר אַ שטיקל רעטאַך. אָבער ס'אידישע עסן די אידישע יאָנטויווים — אָ! מיינע סוינים זאָלן אַזוי לעבן, ווי מ'קען אַזעלכעס האָבן אונטער אַן אַנדער גאָט, ווי בּאַ דעם אידישן!

איר הערט, איך בין ניט פון די מענטשן, וואָס לויפן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אין שול אריין צו קלאָפּן זיך אין האַרצן. אָבער אַ

אידיש־האַרץ האָב איך. און אַ יאַנטעוו האָב איך ליב, ווי אַ מערן־צימעס . . .

טאַקע נו, גיט אַליין אַ טראַכט, וועלכע נאַציע אויף דער וועלט וואָלט דאָס איינגעפאַלן? נעמט, צום ביישפּיל, פּורים. דאַכט זיך טרויעריק, מ׳וויל די אידן פאַרניכטן, זיי אַפּווישן פון דער וועלט. אָבער די מאַיסע ענדיגט זיך פּאַרט מיט האָמען־טאַשן, מיט קרעפּלעך און מיט אַביסל גוטע מאַשקע. גלויבט מיר, אַ סאַך אידן וואָלטן געוואָלט אַזעלכע אומגליקן אַלע טאָג . . . אָדער נעמט פּייסאַך. ווידער צאָרעס, אומגליקן. מ׳יאָגט די אידן באַ דער ארבעט. מ׳יאָגט זיי אין יאַם אריין. דער סאָף איז פונדעסטוועגן, — מאַצעס, קויסעס, ניס, כרעמזלעך, פיש . . . איך זאָג אייך, אַלעוויי האַלט מען די אידן אין איין יאָגן. איר שפּילט זיך עפּעס מיט אַ פּייסאַך? מ׳עסט אָפּ אַ וואָך — כאָטש צעפּלאַצט צו ווערן.

און שעבועס גייט דען באַ אייך צו פּיס?

אַזוי, דאַכט זיך, איז עס עפּעס אַ יאַנטעוול, ניט מיר, ניט דיר. וואָס איז? גאָט האָט די אידן אַ סטראַשע געטאָן מיט אַ באַרג. איז ביז היינט צו טאָג קייקלט זיך אונז פון באַרג אין מויל אריין בלינצעס, קרעפּלעך און וואָס ניט? ! איך זאָג אייך, אַזעלכע בערג מעגן ליגן אָף אונז דריי מאָל אַ טאָג ! . . .

היינט, אַז עס קומט כאַנוקע, — פאַרשמעקט דאָך די נאָס. איר ווייסט דען וואָס עס מיינט, אָנצינדן אַ ליכטל אָבער דאָס ליכטל איז דאָך גאָרניט. די הויפּט־זאַך איז: אַלע טאָג אַ קערטל און פרישע לאַטקעס. לאַטקעס אָף געגזענע שמאַלץ, און לאַטקעס מיט גריוון. גלויבט מיר, ווען איך קען, האַלט איך אָן כאַנוקע צוויי און פופציק וואָכן אין יאָר — מיט אָווערטיים.

היינט, וואָס הערט זיך מיט ראָש־האַשאָנע? מיט יאָם־קיפּער? סוקעס? שמיני־אַצערעס? קיילעכדיקע כאַלעס. כאַלעס — ווי לייטערס! די בעסטע אָף, בעסטע צימעסן און געשמאַקסטע קוגלען . . . וואָס, איר מיינט, עס לוינט זיך ניט צו פאַסטן יאָם־קיפּער? איר מאַכט אַ טאָעס! צוליב וואָס, מיינט איר, פאַסט מען דען? קעדיי פריער זאָל מען קאָנען גוט פאַרפאַסטן און ערשט אָף מאָרגן — גוט־מאַכן דאָבל־פּאָרציע . . . און וואָס מיינט איר איז דען סימכעס־טוירע? מ׳עסט און מ׳טרינקט, ווייל מ׳ענדיגט די טוירע! און צעוואָס, מיינט איר, פאַנגט מען זיך גלייך ווידער אָן? טאַקע קעדיי

מ׳זאָל איבעראיאַר ווידער קענען עסן און טרינקען! . . .

איצט פאַרגעסט ניט סטאַם אידישע דינים און מיצוועס, פון וועלכע עס צעגייט אייך פּאַשעט פון זיי אין אַלע גלידער, — פון האַלדז ביז אין מאַגן . . . אַ כאַסענע, אַ ברים, אַ באַר־מיצווע, אַ יאַרצייט, אַ קאַדיש, אַ האַבדאָלע . . . מיט איין וואָרט: עס, טרינק און לאָז זיך וואוילגיין! . . .

איך זאָג אייך, אַ מענטש מוז האָבן אַ גאָט. און אַז מיר רעדן שוין יאָ וועגן גאָט, איז ווייזט־זשע מיר, ווער נאָך אין דער וועלט האָט אַ גאָט, וואָס זאָל זיין אַזאַ בעריע, אַ סאַרווער, ווי דער אידישער גאָט?

אייך איז אַ וואונדער, פאַרוואָס עס זענען פאַראַן אַזויפיל מיליאָנען הונגעריקע מענטשן אַף דער וועלט? פּאַשעט! זיי זענען גויאים! זיי גלויבן ניט אין גאָט!

וואָס, איר לאַכט? אַ נו, ווייזט־זשע מיר כאָטש איין „גוטן אידן“, וואָס זאָל כאַלילע שטאַרבן פון הונגער?! . . .

# אַ קלאָג צו מײַנע יאָרן . . .

ווי אַלט איך בין, פֿרעגט איר? זאָל איך אַזוי ניט וויסן פֿון מײַן דאַלעס, ווי איך ווייס ניט. איר קענט מיר שאַצן, אַזוי ווי אײַך געפֿעלט.

איר מיינט, אַז מײַן מאַמע האָט יאָ געוואוסט? אַ נעכטיקער טאָג! ווי איר קוקט מיר אָן, איז באַלד באַ מײַן געבורט שוין געווען אַ סיכסעך וועגן מײַן עלטער.

מײַן מאַמע האָט געזאָגט: איך בין אַ זיבעלע. מײַן טאַטע — אַז איך בין געבאָרן געוואָרן צו אַכט מאָנאַטן. און די באַקאַנטע האָבן געטיינעט, אַז איך בין טאַקע פֿולע נײַן מאָנאַטן אַלט, נאָר טאַטע־מאַמע האָבן צו שפּעט כאַסענע געהאַט . . .

אַז טאַטע־מאַמע האָבן מיך דערזען אַף דער וועלט, איז באַ זיי געוואָרן אַ פּראַגע, ווי אַזוי מיך צו פֿאַרשרײַבן . . .

דער טאַטע האָט געזאָגט: מ'זאָל מיך פֿאַרשרײַבן מיט אַ פּאָר יאָר מער, וועל איך גיכער קריגן „וואָרקינג־פּייפּערס". די מאַמע, ווידער, האָט געטיינעט: אַזוי ווי די וועלט־שלינגער ווילן אַ נײַע מילכאָמע, זאָל מען מיך בעסער פֿאַרשרײַבן, אַז איך בין נאָך ניט געבוירן גע־וואָרן . . .

דערנאָך, אָבער, ווען ס'איז געקומען צו כאַפּן פּעטש פֿאַר ניט לערנען גוט, האָט דער טאַטע זיי מיר דערלאַנגט אין קעש. ער האָט כסדר געשריען: זעט נאָר, אַ זיבן־יאָריקער יונג שוין — און לערנט נאָך אַלף, ווי אַן אַלעף־בייס אינגעל! נאָר אַז איך בין געפֿאָרן מיט דער מאַמען אַף אַ טריין, בין איך ביז 14 יאָר קיינמאָל ניט עלטער געווען, ווי 4 יאָר, און טאָמער האָב איך מײַן קאָפּ ניט אַרײַנגערוקט אין בוזים־קעשענע, אַזוי גיך, ווי זי האָט מיך געהייסן, פֿלעגט זי זיך צעשרײַען פֿאַר אַלע מענטשן אין קאַר: אַ צען־יאָריקער באָכער און ס'האָט קיין סייכל ניט; אַז אַ קינד וואַקסט אָן סייכל, דאַרף עס ניט האָבן קיין יאָרן! . . . און — ס'איז שוין דעמאָלט געווען אַ בראָך צו מײַנע יאָרן . . .

אויב איך האָב געוואָלט אַרײַנגיין אין אַ „מואווי" פֿאַר 10 סענט, בין איך אַלט געווען קוים 12 יאָר. נאָר ווען די מאַמע האָט געוואָלט, אַז איך זאָל לייגן טפֿילין, האָט זי געגוואַלדעוועט, אַז איך בין שוין

ריכטיק דרייצן . . . און ווען אַ פּאָליסמאַן האָט מיך, טאָקע דעמזועלביקן טאָג, געוואָלט אַרעסטירן פאַר ניט גיין אין סקול אַריין, בין איך מיטאָמאָל געוואָרן גאַנצע 16 יאָר . . .

זעט איר, כאָטשע געהאַט האָב איך פּונקט צו 24 יאָר. מיין ווייבל האָט געוואָלט ניט אַנדערש, נאָר איך זאָל זיין בלויז מיט איין יאָר עלטער פון איר . . . אָבער, אַז איך האָב געזוכט אַ דזשאָב און מ'האָט פאַרלאַנגט אַ מאַן מיט עקספּיריענס, האָב איך אָנגעגעבן עקספּיריענס פון 30 יאָר . . .

פונדעסטוועגן, ווען איר זעט מיך קומענדיק פון אַ יוניאָן מיטינג, זע איך אויס, ווי אַ יונגערמאַנטשיק. ווידער פאַרקערט, ווען איר זעט מיך אַהיימקומענדיק פון אַ טאָג אַרבעט אין שאַפּ, וואָלט איר געמיינט, עס גייט אַרום אַ מעס, וואָס האָט זיך פאַרגעסן אַוועקצולייגן . . .

יאָ, גיי ווייס, ווי אַלט מ'איז! . . . ווען איך בין אַריין צו מיינע לאַנדסלייט אין סאָסייטי, האָט מען מיר געזאָגט, אַז ס'איז בעסער, איך זאָל אָנגעבן וואָס ווייניגער יאָרן. נאָר איצט אָבער, אַז עס איז אונטערגעקומען דער „אַלד־אייזש" פענסיע־פאָנד, זאָגט מען מיר, אַז ס'וואָלט בעסער געווען, ווען איך גיב אָן אַביסל מער יאָרן . . .

איך זאָג אייך, איך ווער פאַרעלטערט טראַכטנדיק, ווי אַלט בין איך . . . און ווען מיין לענדלאָרד, באָס און פאַרמאַן קירצן מיר ניט די יאָרן, ווער ווייס וואו איך וואָלט שוין איצט געווען פאַרפאָרן? . . .

וואָס זאָגט איר? איך זע נאָך ניט אויס אַזוי אַלט? . . . אַ דאַנק אייך פאַרן קאָמפּלימענט . . . אָבער זאָגט מיר, כ'בעט אייך, ווי אַלט בין איך פאָרט? . . .

מיין מאַמע פלעגט זאָגן, אַז ציין און יאָרן טאָר מען ניט ציילן. פונדעסטוועגן, ווייס איך, אַז ווען איך וואָלט געהאַלטן מיט מיינע יאָר, ווי מיט מיינע ציין, וואָלט איך איצט געווען אַ זויג־קינד . . . מיינע ציין פאַלן אויס די יאָרן — שטייגן, ניט צו פאַרזינדיקן . . .

וואָס טויגן אָבער די קונצן, אַז מ'האָט פינצטערע טעג, איז אַ קלאָג צו די יאָרן . . .

ס'הייסט, איך זאָל אייך זאָגן, ווי אַלט איך בין? . . . וואָרים איך ווייס דען און איך זאָג אייך ניט? . . . פאַרשרייבט, ווי ס'לוינט זיך בעסער . . .

גלויבט מיר, ווען איך האָב די יאָרן, וואָס מיין טאַטע־מאַמע האָבן מיר אַזוי צעטאַכלעוועט, וואָלט איך איצט געקאָנט ווינטשן: אַז אַזוי־פיל זאָלן מיינע סוינים קריינקען, און איר זאָלט אַזויפיל יאָרן לעבן אין גוטס און אין פריידן . . . נאָר גאָר ניט: אַלץ הייסט געלעבט. אַ קלאָג צו מיינע יאָרן! . . .

# אין אַ טענעמענט הויז

אוואו איך וואוין, פרעגט איר? — אין אַ טענעמענט הויז! ניט לאַנג זיך אַריינגעקליבן. ניטאָ קיין רענט, — האָב איך צוריק געמופט „דאַון־טאַון״ . . .

וואו דאָס איז? טאַקע אין זעלבן הויז, פונוואַנען איך האָב אַרויס־געמופט. ווען כ׳האָב געהאַט צו צאָלן רענט, האָב איך געמופט „אַפּ־טאַון״ . . .

אהאַ, איר ווילט דעם נומער?! כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, אַז איך אַליין געדיינק אויך ניט. כ׳האָב שוין דערקענט דאָס הויז מיט דריי גאַסן ווייטער. כ׳האָב שוין געוואוסט: ווען איך גיי אוועק אינדערפרי, טרעף איך פּונקט צוועלף מיסט־פּעסלעך אָנגעפּילט! און אָוונט, ווען איך בין צוריקגעקומען, זיינען זיי שוין געווען האַלב אויס־געליידיגט. — די קעץ האָבן זיי שוין צערעכט געמאַכט . . .

אַ, איר וועט דערקענען דאָס הויז. זייער אַ פיין הויז, אַ גרויס׳ אַ הויכס, איינס אין דער גאַס. אַ הויז — מיט פענצטער פון פאָרנט, פענצטער פון הינטן און פענצטער צום יאַרד . . .

יאָ, איר וועט עס גרינג דערקענען. אויף די פענצטער פון פאָרנט הייגגט די „שווערע אינדוסטריע״: מאַטראַצן, קישנס, קאָלדרעס, טע־פּיכער און . . . פון צייט צו צייט קאַפּעט פון די פייער־עסקייפּס אַ רעגן. דאָס באַגיסט מען דאָרט אַזוי בלומען אויף זעקסטן שטאָק. אַז מיין מאַמע זיצט אונטן, זאָגט זי: „דאָס האָרץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז עס וועט באַלד רעגענען. מיינע הינער־אויגן שמאַרצן מיר שוין טאַקע פון נעכטן אָן״ . . .

זעט איר, אויף די הינטערשטע פענצטער איז שוין קיין בלומען ניטאָ. דאָרט זיינען פון איין פענצטער צום צווייטן געצויגן שטריק, ווי טעלעפאָן־דראָטן, און מ׳הייגגט וועש. ניט הימל, ניט ערד, — נאָר וועש! דער ווינט פּאַטשט מיט אַ פּאָר מענערשע אונטער־הויזן איבער אַ פרוי׳ס נאַכט־העמד . . . אַ קלייד הייגגט פאַרן זוים און עס דאַכט זיך נאָר, ווי אָט־אָט שפּרינגט אַרויס אַ פּאָר פיסלעך . . . אַ מענערש העמד ווערט געהאַלטן אויפן שטריק באַם קאָלנער און עס רייסט זיך,

ווי א גאנעוו, אז מ'זאל עס אפלאזן . . . זאקן־פארלעך — מענערשע, ווייבערשע, קינדערשע, וויגן זיך, לויטן ריטם פון ווינט, ווי א פאלק סאלדאטן וואלטן געשפאנט . . . פון צייט צו צייט פליט פון ערגעץ א פענצטער ארויס, אן אש־טעצל מיט אויסגערייניקטע ציגאר און סיגארעט־ברעקלעך, און דער גרויער אש צעלייגט זיך אף דער ווייסער וועש, ווי א גרויער מאן אף א שאבעס־כאלע . . .

זעט איר, אין די יארד־פענצטער' דא היינגען שוין בלויז קינדערשע זאכן: ווינדעלעך, קליידלעך, מייטקעלעך און . . . מאמעס . . .

די מאמעס האלטן אין איין היינגען — א קליידל ארויף און א ווינדעלע אראפ. פון צייט צו צייט כאפט איינע מיט דער צווייטער אויך א שמועס: וואס צו קאכן, ווי צו מאכן, וואו צו קויפן . . . איך זאג אייך, ווען די קינדערלעך וואלטן מיט זייער שרייען און וויינען ניט איבערשלאגן די מאמעס, וואלטן א סאך מענער געדארפט ארונטערנעמען זייערע ווייבער פון די וועש־ליינס . . .

וואס־זשע ,איר זוכט נאך אלץ ארום רומס? זייער פיין! קומט־זשע טאקע צו . . . איר וועט שוין טרעפן . . .

ארום הויז איז א יאריד פון קינדער־וועגעלעך. וועגעלעך מיט קינדער, וועגעלעך אן קינדער, וועגעלעך מיט צווילינגס און אפילע מיט דריילינגס — אויך . . .

יא! איין פרוי בא אונז אין הויז האט געהאט א דריילינג. האט זי נאר געוואלט באגיין זעלבסט־מארד. דער מאן האט זיך אויפגעגעסן א לעבעדיגער. אויב, זאגט זי, שוין יא געהארעוועט און געטראגן, — פארוואס איז דאס שוין ניט בעסער געווען א פינפטלינג, אדער א זעקסטלינג? . . . פון קינדער, — טאינעט זי, — קען מען האבן נאכעס, נאר ווען מ'האט זיי אין האלבע טוצן מיטאמאל . . .

נאר גאר ניט. ווייזט אויס, די פרוי איז א שלים־מאזעלדיקע. איר מאן ארבעט ניט און קינדערלעך קען זי מער, ווי דריי מיטאמאל, ניט האבן . . .

נאר גלויבט מיר, הארעווען אפילע איין קינד ווערט מען אויך גע־נוג אויסגעריסן. אי, וואס עס טוט זיך אפ א טאג ארום הויז! בא איין וועגעלע שלאגט א מאמע איר קינד, פארוואס דאס בעט עסן. בא א צווייטן וועגעלע שפארט די מאמע א מילך פלעשל דאס קינד אין מויל אריין און דאס קינד שטופט עס צוריק. בא א דריטן וועגעלע — שטופט די מאמע דירעקט איר ברוסט צום קינד און סטראשעט אים:

„דו נעמסט די ברוסט' אַז ניט רוף איך דעם דזשעניטער". אין אַ פּערטן װעגעלע שרײַט אַ קינד גלאַט אַזױ זיך, װי פון פאַרגעניגן װעגן, און װערט באַגלײט פון אַ כאָר . . .

בײַ אַ פינפט־װעגעלע פּאַרװיגט אַ מאַמע דאָס קינד מיט אַ זיס לידעלע: „שלאָף מײַן קינד, מײַן טרײסט, מײַן שײנער", נאָר אין מיטן צעשרײַט זי זיך, געהאַרגעט זאָלסטו װערן! מאַך צו דײַנע אױגן, װאָרים איך װעל זײַ באַלד אַרױסשלאָגן באַ דיר! . . .

אַ מאַמע, װאָס זיצט באַ אַן אַנדער װעגעלע דערבײַ, מישט זיך אַרײַן: פּע, ניט שײן צו שילטן אַן אײגן קינד! איך װאָלט שױן בעסער אַ קינד געשלאָגן, אײדער געשאָלטן. איר אינגעלע צעעפנט דערװײַל די אײגעלעך אױסצוגעפינען, צו װעמען זײַן מאַמע רעדט דאָס אַזױ שײן. די מאַמע דערזעט דאָס און גיט אים גלײַך אַ פּליק איבערן קעפּל: „ליג אין געהאַקטע װאָונדן! שױן צװײ שאָ װי איך װיג דיך! . . . איך װעל דיר ניט שילטן, װי אַנדערע מאַמעס, נאָר איך װעל דיר באַגראָבן און באַשיטן מיט אײן זעץ! שלאָף, אַ רואַך אין דײַן טאַטן אַרײַן!" . . .

פאַרנאַכט צו װערן די מאַמעס פאַרנומען מיט צוגרײטן װעטשערע, און די קינדער — מיט מאַכן זײערע לעקציעס . . .

פון אײן הױז בראַזגעט אַ פּיאַנע. אַ מײדעלע נעמט אַ לעקציע אין זינגען און שפּילן. פון אַ צװײטן פענצטער סקריפּעט אַ פידעלע. פון אַ דריטן — הערט זיך דאָס דראַפּן פון אײנעם אויף אַ מאַנדאָלין. און פון אַ פערטן פענצטער — הערט זיך אַ . . . צוגעברענטער סאָ־פּער . . .

נאָך װעטשערע װערט שאַ־שטיל. אַלע שטעלן אָן די ראַדיאָס. אײנע פּרובירט אַריבערשרײַען אַ צװײטע. אין אײן ראַדיאָ רײַסט זיך אַן אָפּערע־זינגער: „פיגאַראָ! פיגאַראָ אַהער, פיגאַראָ אַהין!" אינמיטן כאַפּט זיך גאָר אַרױס אַ צװײטע ראַדיאָ שױן מיט אַ טאָן העכער און ס'הערט זיך דעם ראַדיאָ־אַנאָנסער'ס שרײַען: „דער בעסטער מיטל קעגן האָר אױספאַלן — שערט זיך אָפּ דעם קאָפּ און רײַבט אים אײן דרײַ מאָל אַ טאָג" . . . באַלד פאַלט אַרײַן אַ צװײטער אַנאָנסער און זאָגט אָן: דאָס בעסטע מיטל קעגן מערידן איז צו נעמען אַ שאַור אין דער באַרימטער באָד . . .

פּלוצלונג שרײַט מען גאָר אַרױס פון אַ פענצטער: „העי, איר,

פארמאכט דארט אייער ראדיא!" — ענטפערט מען דערויף אפ פון א צווייטן פענצטער: „פארמאכט אייער פיסק!"

„פארמאכט די פענצטער!" — שרייט מען שוין פון עטלעכע פענצטער מיטאמאל. און איך פארמאך אין דער שא די אויערן מיט וואטע . . .

צען אזייגער, זעט איר, שרייען שוין אלע, אז מ'זאל שווייגן. „פליז" — געוואלדעוועט א אידענע — „ס'דאך שוין צען אזייגער. ס'מעג זיך אייך שוין פארלייגן די העלדזער! איר וועקט דאך מיר אויף דאס קינד!" . . .

א צווייטע מאמע שרייט: „דו גייסט שלאפן, ווארים דו וועסט היינט קריגן ווי נעכטן!" . . .

אז די קינדער שלאפן שוין, און די ראדיאס שטומען, נעמען איצט גאר בראזגען די טירן. יונגע פארלעך פאנגען אן צו קומען און צו גיין. עס פאנגט זיך אן א געזעגענען, א קושן און א לאכן — ביז ס'ווערט אזוי ביסלעכווייז פארטאג . . . שפעטער, ווען די סטריט־קארס, טראקס און מילך־וועגענער פאנגען אן צו פארן, ווערט שוין אינגאנצן שטיל און די אויגן נעמען זיך צומאכן. דאן צעקלינגט זיך גאר בא איינעם דער זייגער 4, בא א צווייטן — 4.30, און בא א דריטן — פינף . . . דער סוף איז: ס'העלפן ניט קיין קונצן און . . . מ'מוז אויפשטיין . . .

איז וויפיל רומס זוכט איר? דריי, צי פיר? מיר דאכט זיך, אז ס'איז יא פאראן עפעס א ליידיגער פלעט בא אונז. מופט אריין, וועט טאקע זיין אביסל פריילעכער. איך וועל דאן כאטש האבן מיט וועמען א ווארט אויסצוריידן! . . .

# וואָס טוט מען ניט צו מאַכן אַ לעבן?

גלויבט מיר יאָ, אָדער גלויבט מיר ניט, נאָר איך זאָג אייך, זאָל איך אזוי דערלעבן אָנצוקוקן די אַלד־איידזש פּענסיע, ווי איך זאָג אייך ניט קיין ליגן . . .

די מאַיסע איז אזוי געווען: אַלץ, אַלץ איז אונז אוועק מיט דער פּוטער אראָפּ, ביז ס'איז שוין ניט געווען קיין ברויט און קיין פּוטער, און כ'האָב שוין אינגאַנצן ניט געוואוסט, וואו כ'האַלט אין דער וועלט . . .

זאָגט מיר מיין ווייב, — מיין ווייב איז זייער אַ קלוגע, — כייעם שלוימע, ס'עט דיר גאָר ניט העלפן. מ'מוז נאָכגיין דעם גאַנג פון לעבן. ביזנעס איז איצט אין דר'ערד . . . פערשטייסט? . . . איך פאַרשטיי, זאָג איך. איז וואָס ווילסטו, איך זאָל אויך גיין אין דר'ערד אריין?

זאָגט זי: כאַלילע־וועכאָס! צו מיינע סאָנים'ס קעפּ! כ'מיין צו זאָגן, זאָגט זי, אז מיר מוזן זיך נעמען צו עפּעס אַנדערש! . . .

— וואָס זאָל זיין דער עפּעס אַנדערש? — פרעג איך.

— דאָס, — זאָגט זי, — וואָס מיר האָבן נאָך ביז איצט ניט געהאַט! . . .

זעצן מיר זיך ביידע אוועק און נעמען רעכענען: אַ קענדי סטאָר — געהאַט. אַ גראָסערי — געהאַט. אַ באָרדינג הויז — געהאַט. אַ שאַדכאָנים ביורא — געהאַט. אַ רעסטאָראַן — געהאַט. אַ בעקערי — געהאַט. אַ 5 און 10 סענט סטאָר — געהאַט . . .

מיטאַמאָל בלייבט מיין ווייב שטיין און פאַרטראַכט זיך.

— אַנו, זאָג איך, ביזט דאָך עפּעס אַ קלוגע, גיב־זשע טאַקע אַ טראַכט, וואָס מיר האָבן נאָך ניט געהאַט.

זאָגט זי מיר: כייעם שלוימע, זאָלן מיר אזוי האָבן גוטס, ווי איך האָב. דו ווייסט, — זאָגט זי, — וואָס מיר האָבן נאָך ניט געהאַט? — אַ כינעזעשן רעסטאָראַן . . .

— פיין! — זאָג איך. — גוט! אָבער ווי קומען מיר עפּעס גאָר צו כינע?

צעלאכט זי זיך מיט א כינעזיש געלעכטערל און פארמאכט א אויגל, ווי זי וואלט געווען א געבארענע א כינעזערקע אלע אירע יארן.

— פאר ביזנעס, — גיט זי מיר א טאנץ מיט צוויי פינגער אין דער הויך, — מוז מען אלץ קאנען . . .

אלזא, וואס זאל איך אייך זאגן? ס'האט ניט גענומען קיין צוויי וואכן, איז שוין אלץ געווען בא אונז, ווי בא עמעסע כינעזער . . . אפילע דער דיש־וואשער — איז אויך געווען א כינעזער . . .

איך האב אפילע גלייך זיך אויסגעלערנט צו נעמען די צוויי שטעקעלעך אין האנט אריין און עסן מיט זיי — געפילטע פיש, און . . . אויב דאס איז נאך ווינציק, פלעג איך נאך דערביי אונטערזינגען א כינעזיש לידעלע:

יו האנג לינג, טי לי יאנג,
נו פאנג שוין אן,
כאנקע, מאנקע, סינג ע סאנג —
קריים דא גאר א האן! . . .

אט אזוי פלעג איך מיר זיצן שאען, זינגען כינעזיש . . . און קוקן צו דער טיר פאר א קאסטומער. בעקיצער, וואס זאל איך אייך זאגן? צי דערפאר, וואס ס'איז ניט געווען פריש, צי דערפאר וואס ס'איז ניט געווען קאשער . . . סיי ווי, — מיר זיינען אזוי אפגעשטאנען צוויי מאנאטן. און אז איך האב א פרעג געטאן מיין קלוגע ווייב: וואס וועט איצטער זיין? . . . האט זי מיר גלייך געזאגט: יו פאנג! — אזוי האט זי מיך גערופן, אנשטאט כייעם שלוימע. — מירן דאס געשעפט פארמאכן. מיר זיינען אידן — ניט קיין כינעזער. מיר קענען ניט קאנקורירן מיט זיי! . . .

האט מיין ווייב גלייך גענומען די כינעזישע טישן מיט די שטולן, די גאפל און מעסער, די טרוקענע לאקשן און כינעזישע טיי און דאס אלץ איינגעפאקט — ווי ס'וואלט קיינמאל גארניט געווען.

זאג איך ווידער צו מיינער: דו ביזט דאך עפעס א קלוגע . . . וואס טויג אונז, — זאג איך, — וואס אלץ איז פארפאקט, ווען זיך אליין קען מען אין ערגעץ ניט פארפאקן?! . . .

גיט זי ווידער א קנייטש איר קלוגן שטערן און מאכט צו מיר אזוי: דו ווייסט, כייעם שלוימע?! . . . דער כינעזישער רעסטאראן האט מיר באוויזן, אז ווען מיר וואלטן געהאט אזוי עפעס א לייטישן

ציגײַנערשן רעסטאָראַן, וואו מ׳זאָל לייענען פון טיי־בלעטלעך און קוקן אַף דער האַנט . . . וואָלטן מיר זיך אָפּגעשאַטן מיט גאָלד . . .

דו ווייסט, — זאָגט זי, — מענטשן מאַכן דאָך גאָלד פון קוקן יענעם אַף די הענט . . . דערצו נאָך, אויב מיר זאָלן פון צייט צו צייט אַזוי געבן אַ ציגײַנערשן זינג און טאַנץ, וואָלט דאָך . . .

זאָג איך: ווייסט דאָך, קעדיי צו מאַכן אַ לעבן, ווערט אַ מענטש אַלץ ווערן! אַ שטייגער — וואָס טוען נעבעך די אַקטיאָרן? . . . איך קען אַן אַקטיאָר, וואָס פלעגט נײַן מאָל אַ וואָך זיך שמאָדן צו מאַכן די ראָלע, כ׳מיין, אַ לעבן . . . ציגײַנער? — זאָל זײַן ציגײַ־נער! . . .

דערציילן אײַך אין קורצן?! אין צוויי וואָכן שפּעטער איז שוין מײַן ווײַב געגאַנגען אין אַ קליידל פון פּופּצן קאָלירן און מיט עפּשער אַ מיליאָן פאַלדן. זי איז געוואָרן אַט־אַזוי־אַ גראָב, — ווי עפּעס אַן אַרמיי־טענט וואָלט אַרומגעגאַנגען אַף צוויי פיס . . . איך ווידער, האָב זיך אָנגעטאָן אַ ציגײַנערשן שטריימל אַפן קאָפּ, מיט אַ לאַנגען ליולקע ציבוק אין מויל . . . איך זאָג אײַך: ס׳איז בעעמעס געווען אַ וואונדער אַף מיר אַקוק צו טאָן. קינדער האָבן פאַר מיר געציטערט, ווי פאַר אַן עמעסן ציגײַנער . . .

ווי איר זעט מיך לעבן! איך האָב מײַנע אייגענע אויגן ניט געגלויבט! אַ גאַנצן טאָג איז מײַן ווײַב געזעסן און געלייענט די טיי־בלעטלעך. טאָמער איז איינער ניט געפעלן געווען די צוקונפט, וואָס מײַן ווײַב האָט איר אויסגעטיילט, פלעגט מײַן ווײַב איר ראָטן צו נעמען אַ צווייטע גלאָז טיי . . . וועט זי האָבן אַ בעסערע צו־קונפט . . . איר פאַרשטייט, די מערסטע קאַסטימער זענען דאָך געווען פרויען, וואָס ווילן אַ צוקונפט . . .

איך זאָג אײַך: ס׳איז געוואָרן אַזאַ ביזי, אַז מיר האָבן גלייך געמוזט פאַרגרעסערן דאָס געשעפט, צושטעלן נאָך טישלעך און אַרײַנ־נעמען נאָך אַ פּאָר ציגײַנערקעס. מײַן ווײַב האָט גלייך אַרײַנגענומען — איר שוועסטער . . . און איך — מײַנע אַ טאַנטע .. . און ס׳איז אַוועק אַ גאַנג. איר פאַרשטייט? אין דעם איניען דאַרף מען האָבן סייכל. טרעפט מען עפּעס צו די קאַסטימער, ווייס דאָס גלייך די גאַנצע וועלט. טרעפט מען כאַלילע ניט? — איז ווער וועט דאָס אַלץ געדיינקען, וואָס מ׳טרעפט ניט? . . . דער סכאַקל איז געווען, אַז

מיין ווייב פלעגט שוין איינמאָל צוטרעפן! . . . דער נאָמען אירער איז געוואַקסן, ווי פון אַ גוטן אידן . .

איך, — זעט איר, — בין מיר שוין ניט געווען אַזאַ געראַטענער טרעפניאַק . . . באַ מיר פלעגט כמעט אַלץ אויסקומען פּונקט פאַרקערט. דערפאַר האָבן מיר איינגעשטעלט סעקשאַן־אַרבעט. מיין ווייב האָט אַטענדעט די פאַרגאַנגענהייט; די שוועסטער — די געגנוואַרט; און איך — די צוקונפט . . . איר ווייסט דאָך: וועגן דער צוקונפט איז זייער גרינג צו טרעפן . . .

איין טאָג קומט אַרײַן אַ דאַמעלע מיט גרינע פאַרוויינטע אויגע־לעך, אַ רויט נעזעלע און בלויע ליפּעלעך:

— איך וויל, — זאָגט זי, — וויסן מיין צוקונפט. — און טרערן — ווי אַרבעס — קייקלען זיך פון אירע אויגן . . .

גיב איך מיר אַ כאַפּ אַרויף דאָס מיצל, נעם אַריין דעם ציבוק אין מויל אַריין און נעם זיך צו דער לײדי . . .

מיין טאַנטע האָט איר צוגעבראַכט איין טעפּל טיי, אַ צווייטס . . . איך קוק איר אויף די בלעטלעך, קוק איר אויף דער האַנט, גיב איר אַ גלעט אַהער־אַהין און . . . נעם זיך צום טרעפן:

— אייער האַנט, — זאָג איך, — ווייזט, אַז איר אַרבעט נעבעך ניט . . .

— נעבעך? — גיבן אירע בלויע ליפּעלעך אַ ציטער, — כ'האָב אַ מאַן מיט אַ געשעפט, איז ער ניט קראַנק צו אַרבעטן צו באַזאָרגן מיט אַלץ, וואָס אַזאַ פרוי, ווי איך, דאַרף . . .

— טפו! — גיב איך איר אַ שפּיי אויף דער האַנט און וויש אָפּ אַ פלעק. — דאָ, — זאָג איך, — ווייזט עפּעס ניט קיין גוטס! מיר דאַכט זיך, אַז אייער מאַן וועט דאָס יאָר שטאַרבן. (עפּעס אַזוי איז מיר איינגעפאַלן צו זאָגן.)

אירע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן און — אַנשטאָט טרערן — האָבן זיך צוויי פראַגע־צייכנס אוועקגעשטעלט אין זיי:

— ווען? ווען? . . .

איך האָב ווידער אַ קוק געטאָן אויף איר האַנט און אויף אירע בלויע ליפּעלעך, און דאַן מיט אַ טאָן פון אַ נאַווי, איר געזאָגט:

— עס ווערט ניט אָנגעוויזן — ווען . . . אָבער לאַנג וועט ער ניט ציען . . . איר וועט דאָס יאָר האָבן ניט קיין פריילעכע נייעס! . . .

און הערט אַ מאַיסע! אַנשטאָט זיך צעוויינען, איז גאָר די פרוי

אוועק מיט אַ פרייד. און אַזוי פלעגט זי אַ גליקלעכע און צופרידענע קומען אַלע טאָג און איבערפרעגן, צי איך בין זיכער, אַז איך בין טאַקע אַ גוטער טרעפער? . . .

ווען ס׳איז אַריבער עטלעכע מאָנאַטן, האָט זי שוין גענומען מאַכן סקאַנדאַלן אין אונזער פּלאַץ, אַז מיר זיינען שווינדלער, בלאָפער און ניט קיין טרעפער. דער מאַן אירער, — האָט זי געשריען, — איז געזונט, ווי אַ פערד.

בעקיצער . . . ס׳איז מיר געבליבן אָדער דערהאַרגענען איר דעם מאַן, אָדער פאַרמאַכן דאָס געשעפט. האַקלאַל, וואָס טוט ניט אַ מענטש, קעדיי מאַכן אַ לעבן? בין איך אַוועק זיך באַקאַנען מיט איר מאַן . . . זען, וואָס קאָן מען עפּעס טאָן צו זיין אַ וואָרטסמאַן . . . דער סאָף איז געווען: איך האָב אָף אים געטאָן איין קוק, האָט ער געטאָן צוויי קוק אָף מיר, און . . . איך האָב שוין פאַרשטאַנען, פאַר־וואָס דאָס ווייב זיינס איז אַזוי פאַרזאָרגט וועגן אים און זיין צו־קונפט . . . דער מאַן, — האָב איך גלייך געזען, — איז זיכער אַ פּאָליסמאַן, אָדער אַ פּרייז־פייטער . . .

איר פאַרשטייט דאָך שוין געווים, אַז איצט, נאָכדעם, ווי איך בין שוין מיטן מאַן אויך אַריינגעקראָכן אין טראָבל, און דערצו האָט אים נאָך זיין ווייב דערציילט אַ מאַיסע, אַז מיר זיינען אַ באַנדע שווינדלער, און אַז אונזער וואָרט איז קיין וואָרט ניט . . . האָט דאָס געשעפט זיך געמוזט פאַרמאַכן — און איצט? . . .

איר ווייסט דאָך, מ׳דאַרף מאַכן אַ לעבן. נאָר פּאָלג מיך אַ גאַנג: אַלע יאָרן געווען אַ געשעפטסמאַן און מיטאַמאָל, גיי און לערן זיך גאָר אָף עלטערע יאָרן צו ווערן אַן אַרבעטער . . .

איצט, הערט איר, האָט מען מיר אָנגעבאָטן אַ שטיקל דזשאָב פאַרן זומער אין קוני איילאַנד. איך זאָל זיין דאָרט אַן עלעפאַנט און מיין ווייב — אַן אייזל . . . דעם עמעס געזאָגט, בין איך ניט צופרידן און מיט דער ווייב איז אַ צאָרע, וואָס זי איז אַביסל צו קלוג פאַר דעם דזשאָב . . . און דערצו נאָך איז אין דעם קיין געלט אויך ניטאָ . . . נאָר גאָרניט, ווי זאָגט איר, מ׳טאָר היינטיקע צייטן ניט זיין קלוג, אויב מ׳וויל מאַכן אַ לעבן! . . . אויב ס׳מאַכט זיך ניט עפּעס בע־סערס, — וועט מען דאָס מוזן אָננעמען! וואָס טוט דען ניט אַ מענטש קעדיי צו מאַכן אַ לעבן? . . .

פונדעסטוועגן, אויב איר וועט זומער האָבן אַביסל צייט, טאָ כאַפּט זיך אַריין צו אונז אַ קוק טאָן. איר׳ט שוין אונז דערקאָנען . . . איך — אַן עלעפאַנט און מיין ווייב —אַן אייזל! . . .

# „וואָס דו יז מין", וויטאַמין?

ניטאָ, הערט איר, אַזאַ צוויי־פּענימדיקער מענטש, ווי מיין באָס!

מיר וויל ער איינרעדן! דער בויך, — זאָגט ער, — האָט ניט קיין פענסטער, און וואָס מ׳זאָל אין אים ניט אריינלייגן, איז דאָס, ווי אַ ראָזשענקע אין אַ פּאָמפּערניקל, — קיינער זעט דאָס ניט ארוים . . .

פונדעסטוועגן, פאַר זיך, האָט ער, מיין באָס, צוזאַמענגעשטעלט אַ דיעטע, — איז דאָס אַ גאַנצער קאָך־בוך.

מיר פּרובירט ער באַווייזן, אַז עסן איז אַזאַ געוואוינהייט; מיט אַ גוטן כאָלעם וועגן עסן, — זאָגט ער, — קען מען אויך זאַט ווערן. ער אַליין, אָבער, פרעסט באַ טאָג און באַנאַכט.

אַנומעלטן בין איך טאַקע אַזוי אַרומגעגאַנגען עטלעכע טעג און געכאַלעמט פון אַ לייטישן מאַלצייט. זאָג איך אייך: אַזעלכע כאָלוי־מעס צו זיין קאָפּ . . .

באַטאָג האָב איך געגעסן די סליונע און באַנאַכט האָב איך אין כאָלעם געגעסן און געגעסן מיט אַזאַ אַפּעטיט, ביז איך בין אויפגעשטאַנען אין פרימאָרגן מיט קרעמפּן אין בויך, ווי אַ טוץ הייסע הינטעלעך וואָלטן מיר געביסן. נאָר, אַז איך האָב, ניט פאַר אייך געדאַכט, גענומען אַן אַפּפּיר־מיטל, האָב איך אויסגעפונען, אַז איך בין פאַרפּירט . . .

זעט איר, ער, מיין באָס, פאַרלאָזט זיך ניט אַף קיין כאָלוימעס. ער האָט, — זאָגט ער, ערגעץ געלייענט אין אַ ביכל, אַז עפּעס אַ וויטאַמין, „יז נאָ וואָס אי מין", איז זייער גוט פאַרן געזונט . . . נו, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? קעדיי צו זיין זיכער מיט ריכטיקן וויטאַמין, פּרובירט ער דעם גאַנצן איי־בי־סי. פון געבאַקטע בולבעס, — זאָגט ער, — איז גוט די שאָלעכץ. פון אַן איי — דאָס געלכל. פונדעסטוועגן, — באַווייזט ער, — קען זיין, אַז מיט דער צייט זאָל אַ דאָקטאָר גאָר אויסגעפינען, אַז געשאָבענע קאַרטאָפל — פּונקט ווי דאָס ווייסל פון אַן איי — זאָלן אויך עפּעס האָבן אין זיך . . . עסט ער געקאָכטע קאַרטאָפל מיט פריקאַזי און געבאַקטע — מיט דעם פלייש . . .

געלכלעך פון אייער האָט ער ליב צו געפינען אין דעם זופּ, נאָר לעבער, — זאָגט ער, — איז גוט, ווען מ׳האַקט דאָס איין מיט האַרטע אייער, ציבעלעס און גריוון . . .

— וואָס זאָגט איר ? — גיט ער אַ פרעג דעם ווייטער מיטן ווייסן האַנטעכל און שוואַרצן שניפּס, — סטעיק האָט וויטאַמין ? ער וואַרט אָבער ניט אַף קיין ענטפער. ער גיט גלייך אַן אָרדער:

— מאַכט אַ לייטישן סטעיק, מיט גענוג וויטאַמינען און געברוינטע ציבעלעס ! ווייל ציבעלעס האָבן אויך עפּעס אין זיך . . .

ער גיט דערביי אַ בלאָז אַן דעם גוידער פאַר זיין שאָכן באַם טיש און ווייזט אַף זיך:

— ווי איר זעט, בין איך אין דער אַכילע אַ גאַנצער „כעמי־קער“ . . .

אַ מענטש, — זאָגט ער, און ווייזט אַן אַף זיך, — דאַרף עסן פּאַמעלעך. איך פאַנג אַן אינדערפרי און ענדיק אָפּדערנאַכט. מיט עסן, — פאַרשטייט איר מיך, — איז ווי מיט אַ ווייב. מ׳מוז האָבן צייט, געדולד און געלט. כאַפּן דאָס עסן איז דאָס גרעסטע אומגליק פאַר דער מענטשהייט.

וועגן מישן שפּייז האָט ער, מיין באָס, געשאַפן אַ גאַנצע טעאָריע: „פון די געהאַקטע לעבער, פליייש, קישקע ביז די קנישעס“, — זאָגט ער, — „מוז מען וואַרטן אַ גוטע האַלבע שאָ. מישן שפּייז איז זייער ניט געזונט“.

פונדעסטוועגן, ווען ס׳קומט צו מאָגן־טראָבל, דאָ זעט איר, זיינען מיר גלייכע יאַכסאָנים. דער אונטערשייד איז בלויז אַ קלייניקייט. מיך האָט דער דאָקטאָר געפרעגט:

— איר עסט פליייש ?

— ניין ! — זאָג איך.

— איר עסט אייער ?

— זעלטן !

— איר עסט „לעם־טשאַפּס“ ?

— איינמאָל אין אַ יוֹיוול !

— איר עסט בלינצעס ?

— ניין !

— דאָס איז אייער אומגליק ! — זאָגט מיר דער דאָקטאָר. — פאַנגט אָן עפּעס צו עסן, וועט איר האָבן קוויאַד צו קריינקען . . .

מיט מיין באָס, זעט איר, איז שוין די געשיכטע אַנדערש. ניט געגנוג, וואָס ער דאַרף אויפהאַלטן זיך אַליין, מוז ער נאָך אַלעמאָל אָנפילן זיין „רעזערוואָואַר“ . . .

אַף אים, אָבער, קוקט דער דאָקטאָר אַנדערש. ער טייטלט אַף זיין קיילעכדיקן פּעמפּיק:

— מיילע, — זאָגט ער, — זיך מוזט איר טאָקע אויסהאַלטן, אָבער צי וואָס אַט־דעם דאָזיקן אומזיסטן פּרעסער? . . .

שפּאָסט זיך מיין באָס:

— איך קער זיך דאָך עפּעס אָן מיט מיין בויך . . . איך אַליין האָב אים דערצויגן און אויסגעהאָדעוועט, ווי אַ סאָסייטי לעידי — אַ הינטל.

— יאָ . . . —שפּאָסט שוין אויך דער דאָקטאָר. — אָבער אַ הינטל האַלט מען אויך אַף אַ קייטל . . . און ער גיט אים אַ פרעג:

— פלייש עסט איר?

— יאָ! — שאָקלט צו דער באָס מיטן גוידער.

— ויין טרינקט איר?

— יאָ!

— „סטראָבערי שאָרט־קעיק“ מיט „סוויט־קרים“ עסט איר?

— „דאָבל“ פּאָרציע!

— מאַקאַראָנעס מיט קעז האָט איר ליב?

— אַ שיינע פראַגע?!

— אַט־דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן! — ווייזט אָן דער דאָקטאָר מיטן צייג־פינגער גלייך דעם באָס אין פּופּיק אַריין.

דער סאָף איז געווען, אַז דער דאָקטאָר האָט געגעבן אַן אָרדער:

— אוים מיט וויטאַמינען! . . . ניט קיין איי, ניט קיין בי און ניט קיין סי!

אַנשטאָט דעם האָט ער אָנגעשריבן אַ נייעם דייעט: טאָוסט און מילך — דריי מאָל אַ טאָג און . . . אַ סאָך שפּאַצירן.

דערהערט דאָס, האָט ער גענומען איינטענהען מיטן דאָקטאָר:

— וואָס מיינט איר? . . . איר ווילט פון מיר מאַכן אַ זויג־קינד? . . . מיין מאָגן זאָל זיך באַגיין אָן וויטאַמין? „וואָט דו יו מין“?

און פּונקט, ווי ער פייפט אַף אַלעמען, דער באָס, אַזוי האָט ער אויך געפייפט אַפן דאָקטאָר . . . עמעס, באָס ווייב אינדערהיים, האָט ער טאָקע „אָפּגעהיטן“ די דיעטע און אַריינגערוקט די צוועלף שטיקלעך טאָוסט מיט צוויי פלעשער מילך, דערפאַר אָבער דערנאָך

נאָך יעדן „דייעט" מאָלצייט האָט ער זיך ערשט אַ נעם געטאָן צו זיין „וויטאַמין" . . .

נאָר וואָס־וואָס, — דאָס שפּאַצירן האָט ער אָפּגעהיט. און קעדיי צו קענען וואָס מער שפּאַצירן, האָט ער מיטגענומען אַפּן וועג מיט זיך אַ טשעמאָדאַנטשיק מיט מילך און טאָוסט. צייטנווייז — אויך אַ קנאַבל־וואורשט . . .

טאָמער האָט זיך איינמאָל די ווייב זיינס צעבייזערט, אַז פּילייכט איז צופיל צו שלעפּן זעקס פלעשלעך מילך מיט דריי ברויטלעך טאָוסט, האָט ער זיך צושריען אַף איר:

— וואָס ווילסטו ?! איך זאָל שוין קיין קויעך ניט האָבן אפילע צו טראָגן דעם טשעמאָדאַנטשיק ? אַ מענטש מוז דאָך עפּעס עסן ! . . .

---

אַנטקעגן וואָס איז דאָס צו רייד געקומען ? יאָ . . . מיין באָס האָט איצט אַ פּאַנים, ווי די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג. ער עסט און . . . עס עסט אים. די אויגן זיינע שלינגען אַלץ, דאָס מויל עפנט זיך גרויס, אָבער קומט צום פּאַרדייען, — בלייבט אים יעדער ביסן שטיין, ווי אַ ביין אין האַלדז . . .

— וואָס ? — שרייט ער, — די דאָקטוירים האָבן אים רואינירט. זייער טאָוסט און מילך האָבן אים אָנגעמאַכט אַ בורעניניע. אַ סימען ? זינט ער עסט טאָוסט מיט מילך, פילט ער אַלץ ערגער און ערגער . . .

אָבער מיר, און די אַנדערע אַרבעטער אין שאָפּ, האַלט ער נאָך אַלץ אין ווידערהאַלן, אַז עסן איז אַן איינגערעדטע זאַך, אַ געוואוינהייט . . .

# האָט איר געזען מיין דזשייקי׳ן ?

ניטאָ באַ אייך, מיין דזשייקי ? אַט איז ער אריינגעקומען פון סקול און אַט איז ער שוין פארשוואונדן, פונקט ווי באַ מיין מאַן דער סעזאָן היינטיקע ציימן . . .

איר הערט ? ווען איר ווייסט וויפיל איך לייד זיך אָן פון מיין דזשייקין, וואָלט איר צוגעגעבן, אַז אַ מאַמע דאַרף בעסער טראָגן שטיינער, איידער קינדער.

קיין וואונדער ניט, וואָס מענטשן ברעכן זיך די קעפּ אַף דעם, אַז פרויען זאָלן ניט דאַרפן מער טראָגן און האָבן קיין קינדער. וואָס ? איר האָט ניט געהערט די לעצטע נייעס ? . . .

אַ דאָקטאָר האָט אַנומעלטן אויסגעפונען אַ פּעטענט אַזאַ, אַז פרויען זאָלן זיך מער ניט דאַרפן באַדערן מיט דער גאַנצער געשיכטע. מ׳וועט פּאַשעט קענען אריינגיין אין אַ דראַג סטאָר, קויפן זיך צוויי פלעשעלעך מיט אַזאַ בעמישן שטאָף. עס אויסמישן, ווי לעהאַבדיל, אַ „סעטלעס-פּוידער“, — צוזאַמען אין איין גלאָז אריין און ס׳וועט זיין אַ יאַטל. וועט מען וועלן, וועט מען מאַכן אַ ברים. וועט מען ניט וועלן, — איז ניט. אויב איר מיינט, אַז מיך פאַרדריסט אַזאַ פּעטענט, זאָל איך שטאַרבן אַ טויטע. זאָלן זיך זאָרגן יענע פרויען, וועלכע ווייסן נאָך ניט דעם טעם פון האָבן אַ דזשייקין אַפן קאָפּ.

וואָס ? איר זאָרגט זיך שוין וויפיל דאָס וועט קאָסטן ? האָט ניט קיין מוירע ! — אַלץ ביליגער ווי אַ קימפּעט. מיסטאָמע וועט אַ פלעשעלע פאַר אַ מיידל קאָסטן אַ קוואָדער און אַ פלעשעלע פאַר אַ אינגל — 35 סענט . . . וואָס ? איר מיינט טאַקע, אַז מיר קענען זיך שוין גלייכן צו די מענער ?

אַ מאַן איז גוט, ווי די וועלט. אַט נעמט מיינעם : גייט ער **אַוועק צו דער ארבעט, — איז יע דזשייקי — ניט דזשייקי. ער איז** פון אַלץ פּאַטער. נאָר איך, אומגליקלעכע מאַמע, דאַרף זיך אויסעסן דאָס הארץ . . .

וואו זיינען אייערע בעוורע ? נאָך אינגאַנצן ניט געקומען פון סקול ?

אַט האָסטו דיר! אַלבעטשי, דאָס אייגענע, ווי מיט מיין דזשייקין לעצטע וואָך?!...

איר מעגט דאָס הערן. די טיטשערן פרעגט אים אַנומעלטן אין סקול, צי ער געדיינקט גוט געאָגראַפיע. ענטפערט ער איר: יאָ! און ער נעמט איר גלייך אויסרעכענען: ענגלאַנד — געפינט זיך אַף צוויי שטולן... יאַפּאַן — בּאַ כינע אַפן קאָפּ... אַמעריקע — בּאַ וואָל־סטריט אין קעשענע... איטאַליע — צווישן הימל און ערד... (ווייל זי קריכט אַף די ווענט.) דייטשלאַנד — אונטער דער ערד. . (און אירע געשעפטן ליגן אויך טיף אין דר'ערד.) פּוילן — בּאַ דעם אידן אין דער באָרד... און סאָוועטנפאַרבאַנד — בּאַ אַלע אַרבעטער אין די מויכעס און הערצער...

און וואָס מיינט איר, איז געווען דער סאָף? מ'האָט אים פאַר־האַלטן אין סקול און אָוועקגעשטעלט אַף אַ שאָ צייט אין ווינקל, פאַרוואָס ער, מיין דזשייקי, האָט כויזעק געמאַכט פון די קאַפּיטאַליס־טישע לענדער.

אָבער מיין דזשייקי איז דאָך אַ מאַזיק. און אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט גיין טיילן עפּעס ליפלעטס, האָט ער געבעטן זיין כאַווער הערי, אַז יענער זאָל זיך דערוויל שטעלן פאַר אים אין ווינקל.

האָט זיך הערי אָוועקגעשטעלט און מיין דזשייקי איז אַוועק. קומט דערנאָך אַריין די טיטשערן אים הייסן גיין אַהיים. כאַפּט זי זיך, עס שטייט גאָר הערי אָנשטאָט דזשייקין...

צעשרייט זי זיך אַף אים: — וואָס טוסטו דאָ אַזוי שפּעט? וואו איז דזשייקי?

ענטפערט ער: דזשייקי איז אַוועק אַהיים. לעצטע וואָך איז ער געשטאַנען פאַר מיר, שטיי איך איצט פאַר אים...

— אַזוי? האָט די טיטשערין זיך צעקאָכט, און אַף מאָרגן איינ־געלאַדן מיך, און הערי'ס מאַמע, מיסעס אָדעס, — צו קומען אין סקול אַריין.

און וואָס ווייסט איר, וואָס מיר האָבן דאָרטן געהאַט? די טיטשערן האָט אונז אַוועקגעזעצט און גענומען דערציילן, וואָס די צוויי כעוורעלייט טוען דאָרט אָפּ. זיי קערן איר איבער דעם גאַנצן קלאַס.

הערט, דערציילט זי מיר, וואָס מיין דזשייקעלע האָט איר אַלץ אָפּגעטאָן.

זי בעט אים, אַז ער זאָל איר אַרויסבריינגען אַ ציַיטונג. לויפֿט ער אַרונטער און בריינגט איר טאַקע דאָס גלייך אַרויף. אָבער . . .

זי נעמט לייענען און קען ניט דערגיין קיין טאָלק. זי מישט און זוכט און ברעכט זיך דעם קאָפּ, וואָס עס טוט זיך דאָ אין דער ציַיטונג? ערשט זי כאַפּט זיך, מיין דזשייקי האָט גענומען די ערשטע זייט פון אַ קאַפּיטאַליסטיש ציַיטונג און אין צווישן אַריינגעלייגט אַן אַרבעטער ציַיטונג. האָט זי ניט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט איר פון ערגעניש, און געמיינט ניט אַנדערש, אַז די ציַיטונג איז געוואָרן אַן אַרבעטער ציַיטונג . . .

פאַר דער מיסעס אָדעסן דערציילט זי, אַז איר הערי האָט געטאָן איין קלייניקייט:

ער האָט גענומען אַ „סאָנג“, וואָס זי, די טיטשערן, האָט אויסגעלערנט די קינדער צו זינגען, צו דעם געמאַכט אַנדערע ווערטער און אַזוי איינגעשטודירט מיט אַלע קינדערלעך. איינמאָל, ווען די קינדערלעך זענען אַרויסגעטראָטן צו אַ קאָנצערט, גיט דער דיריגענט אַ מאַך מיט דער האַנט און . . . אַן אומגליק! אַנשטאָט זיי זאָלן זינגען איר ליד, האָבן זיי גאָר געזונגען הערי׳ס ווערטער, וואָס איז גאָר געווען, יו נאָ, פּונקט פאַרקערט . . .

און דערנאָך, האָט זי מיר דערציילט, אַז מיין דזשייקי גלויבט ניט אין סאַנטאַ קלאָז. איר הערט? . . . ער זאָגט דער טיטשערן, אַז אויב סאַנטאַ קלאָז וואָלט דורכגעקראָכן דורך אונזער קוימען, וואו מ׳קען דערשטיקט ווערן פון רויך, וואָלט ער שוין זיכער ניט געהאַט אַזאַ ווייסע באָרד . . . וואָס זאָגט איר ניט אַף אים?

ווען איך בין געגאַנגען אַהיים מיט דער מיסעס אָדעס, טיינע איך צו איר: אַזעלכע קינדער, זאָג איך, איז בעסער, אַז זיי ווערן ניט געבוירן. און ווען זיי זאָלן שוין אַפילע קומען פון פלעשעלעך, — דאַרף מען די פלעשעלעך אויך צעברעכן . . .

קוקט זי אַף מיר און לאַכט: איר ווייסט דען וואָס פאַר אַ קינד איר האָט? איר האָט דען אַ באַגריף פון אייער אוצער? אייער דזשייקי וואַקסט דאָך אַ פירער!

אַ פירער? — זאָג איך, — אַ גליק האָט מיר געטראָפן! די טיטשערן שרייט, אַז ער פירט איר איבער דעם קלאַס. אין גאַס שרייען די ווייבער, ער פירט זיי איבער די קינדער, און מיר פירט ער איבער דאָס הויז. אַ שיינער פירער?

היינט גיי וויס, אַז ס'זענען פאַראַן מאַמעס, וואָס קוועלן גאָר אַז פון אַזעלכע קינדער . . .

אַט וועט דאָס מיסטאָמע באַלד אַריינקומען מיט אַ געוואַלד: מאַמע — עסן! דאַן זאָג איך אייך, מוז דאָס ווערן פאַר אים אופגע־ברענט אין אַ מינוט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי איז מיר! גאָר פאַרגעסן. מיר דאַכט זיך, אַז מיין סאָפּער ברענטש שוין! יאָ־יאָ, אַ פייער אָף מיינע סוינים! עס ברענט שוין טאַקע!

טפו זאָל דאָס ווערן, וואָס האָב איך זיך דערשראָקן. עס ברענט גאָר באַ אייך! וואָס זאָגט איר, אַלוואַי האָט איר אַזעלכע צען דזשייקים? אויב אַזוי, זאָל אייך גאָט זיי טאַקע צושיקן, נאָר נים פון קיין פלעשעלעך . . . וועט איר פילן דעם טאַם . . .

דזשייקי! דזשייקי! קום שוין עסן, אַ פייער אָף דיר! . . .

# פֿאָרט איך געזונט!

שוין! שוין געווען אין רוסלאַנד, אַרומגעזוכט, אַרומגעטאַפּט, געזען די סאַמע רויטע, און איך בין ווידער געדעכט.

איך טיינע צו מייז זון: ס'טויג ניט. עס קען ניט גוט זיין! ענטפֿערט ער מיר, דער אינגסטער זינדל מיינער, „פּאַפּאַ, דו ביזט „רעטייערד“ און דיין קאָפּ איז „רעטייערד“ . . .

איר קאָנט אים ניט? כ'האָב אייגנטלעך דריי זין. דער עלטסטער זון מיינער איז אַ געשעפֿטסמאַן. טאַקע אַ גרויסער געשעפֿטסמאַן. ס'הייסט, ער האָט ניט קיין געשעפֿט, אויף זיין נאָמען, אָבער . . . ס'איז אָלרייט. ס'איז אַזוי גוט, ווי זיינס. יו סי . . . ער איז אַ געבוירענער געשעפֿטסמאַן. ער גיט אייך אַ מאַך אַ באַנקראָטל — מעג דאָס זיין אויף טויזנטער — איז שאַ שטיל. אַ האָן גיט ניט אַ קריי. ס'געשעפֿט גייט. יו סי . . ביזנעס איז ביזנעס . . .

דער צווייטער זון, זעט איר, איז שוין גאָר גאָלע גאָלד. ער מאַכט שוין געלט פֿון גאָרניט. ער איז אַ פּרייז-פֿייטער. ס'הייסט . . . ניט קיין ערשט-קלאַסיקער, אָבער . . . אַז מ'דאַרף עמיצן אָנברעכן די ביינער, — איז ניט צו פֿאַרזינדיקן, ער קאָן . . . ער קאָן . . . אָלעוואָי האָב איך נאָר זיין געזונט און זיין קויעך . . .

דערפֿאַר איז שוין דער דריטער זון מיינער, דער אינגסטער, גאָר ניט קיין געראָטענער. דאָס איז שוין גאָר אַ שלים-מאַזל, ניט פֿאַר אייערע קינדער געדאַכט. ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין: „אָדער די גאַנצע וועלט — אָדער גאָר ניט“. אַ רעגולער קאָמוניסט! האָט ער טאַקע אַ פּייג — ניט קיין געלט.

אָט-דער שלים-מאַזל מיינער האָט געהאַלטן אין איין אייַנטיינען מיט מיר: „פּאַפּאַ“, — ט'ער געזאָגט, — „וואָס טויג דיר דאָס שילטן? פֿאָר צו אין סאָוועטנלאַנד. זע מיט דיינע אייגענע אויגן, וועסטו דאַן רעדן“.

נו, ווייסט איר דאָך, צייט האָב איך גענוג. דער דאָלער, דאַנקען גאָט, פֿעלט מיר אויך ניט. און דער זון מיינער, דער פּרייז-פֿייטער, האָט אויך געזאָגט: „פּאַפּאַ, פֿאָר זיך דורך אַביסל. וועגן געלט“,

— האָט ער מיר געזאָגט, — „זאָרג זיך ניט. פאַר אײן זעץ, פּאַפּאַ, קאָנסטו מאַכן אַ טריפּ „אַל אָוועֶר די וואָרלד“ און אַפילו אין יוראַפּ“...

האָב איך גענומען דאָס פּעקל מיטן טפילין זעקל און זיך אוועק־געלאָזט קיין רוסענלאַנד. ס׳הייסט . . . איך בין אויך געווען אין פּוילן, אין ענגינלאַנד, אין פרענטש און דאַן — אין רוסענלאַנד, אָדער, ווי זיי רופן דאָס, — סאָוועטנלאַנד. איר פאַרשטייט ? . . . ס׳האָט זיך טאַקע געוואָלט זען, וואָס דאָרט טוט זיך. אָבער די הויפּט זאַך — זען אַ לאַנדסמאַן, אַ קאָרעוו און . . . זאָלן זיי מיר טאַקע אויך זען . . .

איר פאַרשטייט . . . קיין גליקן האָב איך אין ערגעץ ניט גע־טראָפן. איבעראַל איז גוט און שלעכט . . . יו סי: אידן מאַכן אַביסל ביזנעס, גויאים מאַכן אַביסל פּאָגראָמען, אָבער . . . דאָס רעדל דרייט זיך . . . זעט איר, אין רוסענלאַנד אָבער, אַלע וואָס ווינטשן מיר בייז, זאָלן דאָרטן פאָרן און דאָרטן זיין.

אַ איד אַ ביזנעסמאַן — זעט איר ניט אַן אויף קיין רעפּוע און דער פּראָסטער ארבעטער — איז דאָרט געוואָרן דער גאַנצער באַלעבאָס . . .

גאַנצע זעקס וואָכן בין איך דאָרט געווען. און אין די זעקס וואָכן בין איך געווען אָפּגעשניטן פון אַ פּינאָקל — ווי די מילע באַ אידן . . . און אַז מ׳שפּילט שוין יאָ אַמאָל דאָרט אַ געימקע — איז דאָס אין שוועבעלעך, שטיינסגעזאָגט, אין מעטשעס, זאַפּאַלקעס, כע־כע־כע . . .

אַ שיינע רעוואָלוציע ! איך האָב דאָס שוין געזאָגט מיין זינדעלע: „עס האָט זיך טאַקע געלוינט איבערצוקערן אַ וועלט, ארונטערצו־וואַרפן אַ קייסער, אַז מען זאָל איצט זיך שפּילן מיט מעטשעס ?!“...

אי, וואָס ווייסט איר ? האָבן זיי איבערגעקערט רוסענלאַנד, האָבן זיי געמאַכט אַ טאַכלעס ?! איך זאָג אייך, ס׳איז אַן עמעסע איבער־קערעניש ! . . .

הערט אַ געשיכטע: אַ שול, אָדער אַ קלויסטער — דאַרפט איר זוכן מיט ליכט. און ווי קומען זיי גאָר צו די אַמאָליקע שולן, צו די אַמאָליקע צערקוועס ? . . . אַמאָל האָבן דאָך די רוסישע צערקוועס און אַפילו די שולן און כאַזאַנים געהאַט אַ שעם איבער גאָר דער

וועלט. איצט, אָבער, גאָט מיינער! אוי, וואָס פון זיי איז איצט געוואָרן! . . .

דורך דער צייט, וואָס איך בין דאָרט געווען, איז מיר אויסגעפאַלן צו האָבן יאָרצייט נאָכן טאַטן. נו, איז פרעגט שוין גאָר ניט. אין אַמעריקע וואָלט איך דאָך איבער דער צייט געקענט האָבן גאַנצע צען יאָרצייטן . . .

א גאַנצן טאָג בין איך אַרומגעלאָפן זוכן אַ מנין. און אַז איך האָב שוין ענדלעך אין עק שטאָט יאָ געפונען אַ ברעקל שולכעל און אַ שטיקל שאַמעס, האָב איך ערשט דאַן אויסגעפונען, אַז דאָס איז פון די רעגעלע רויבער און באַנדיטן . . . ס'איז מיר גרינגער, זאָג איך אייך, צו קויפן אין אַמעריקע אַ פּראָפּעטע, ווי בא זיי, בא די באָלשעוויקעס, אַ קאַדעש . . .

צום אַלעם ערשטן גיט מיך דער שאַמעס אַזוי סוידעסדיק אַ פרעג: „איר ווילט אַ היגן מיניען, צי אַן אימפּאָרטירטן?" . . איך פאַר־שטייט, — רעדט ער ווייטער, — אַ היגער מיניען קאָסט צוואַנציק רובל . . . אַלע אידן זיינען געראַזירטע, ריידן אַ צעקאַליעטשעטן אידיש און אין דאַווענען היפּן זיי איבער גאַנצע זייטלעך. דערצו, באַם אויס־שפּייען צו אָליינו, האָבן זיי אַ טעבע צו שפּייען אַף די קאָסטומער... כוץ אַלעמען, אויב עס פעלט זיי אַמאָל אויס אַ איד צו אַ מיניען, רוקן זיי אַריין סטאַם אַ קאַצאַפּ, אַ טאָטער אָדער גאָר אַ קאָזאַק. איר פאַרשטייט, — האַלט ער דערוויילע מיך צו פאַרן אַרבעל און האַלט אין איין רעדן, — אַזאַ קאַדעש, פון אַזאַ מיניען קאָן דאָך אַפילע ניט דערגרייכן די הויך פון די סאָוועטישע עראָפּלאַנען . . .

זעט איר, — גיט ער מיר מיטאַמאָל אַ ווייז אָן אַף אַ פאָטאָגראַפיע, — פאַר פערציק רובל אָבער, איז שוין פאַראַן אַן אימפּאָרטירטער מיניען. איר זעט די אידן? ראַבאָנים — שטיק אין שטיק . . . דאָס זיינען אימפּאָרטירטע, פאַריזער אידן, מיט קאָשערע פייעס און בערד. זיי דאַווענען אַף אויסנווייניק — ווי די פאָנאָגראַפס . . . און אַז זיי גיבן אַ שפּיי אָליינו, איז דאָס שוין איינמאָל אַ שפּיי . . .

נו, ווייסט איר דאָך מיסטאַמע, אַז איך בין ניט פון די פּאַיקערס. וואָרים נאָכאַלעמען, וויפיל טאַטעס האָט דאָס אַ מענטש? . . . האָב איך מיר טאַקע געאָרדערט אַן אימפּאָרטירטן מיניען, לויט דער פאַריזער מאָדע. אידן מיט בערד, מיט פייעס, מיט איוורע און מיט „עוורי־

טינג“. דער סאָף איז געווען — זאָל מיר נאָר מיין טאַטע מוחל זיין די כּאַרפּע, וואָס איך האָב אים פאַרשאַפט!

אַזוי ווי זיי דאַוונען נאָר אָפּ און נעמען צו באַ מיר די פּערציק רובל, אַזוי טוען זיי אויס די טאַלייסים מיט די טפילן — צוזאַמען מיט די בערד און פּייעס . . . איר הערט, טאַקע עפּעס נאָר ווי די אַקטיאָרן נאָך אַ פאָרשטעלונג, און בעטן נאָך, אַז איך זאָל זיי גיבן אַ טיפּ . . .

איך זאָג אייך: דאָ האָב איך שוין גלייך דערזען, ווי געהרעכט איך בין געווען. נו, טאַקע אַזוי, שטעלט זיך אַליין פאַר: מאַראַד אידן, פרומע אידן, וועלכע זיצן אין שול און דאַווענען אַלע טאָג, קאָנען זיין אַזעלכע פּייקערס און שווינדלער, היינט, ווי זענען שוין טאַקע די עמעסע רויטע. די ניט־פרומע, וועלכע גייען שוין אינגאַנצן ניט אין קיין שול אַריין און האָבן קיין מוירע ניט פאַר אַ גאָט?

בעקיצער: ס'איז אַרויסגעקומען אָף מיינע רייד. ניטאָ די אַמאָ־ליקע יאָרן! ס'אַרבעט ניט! ס'טויג ניט!

וואָס עס רעדט מיין זון איצט? אַז ניט לאָז איך אים דען רעדן? איך דערגיי אים .דאָך די יאָרן. ער לאַכט טאַקע פון מיר, אָבער איר ווייסט דאָך, ווי מע זאָגט: „ס'איז געלאַכט מיט קווי־טשעס“ . . .

שטעלט אייך פאָר: דאָ גייט מיין זון אַרום מיט אַ גרויסער סיין און פּיקעט. וואו ערגעץ עס איז נאָר דאָ אַ סטרייק איז זיין געשעפט. פּיקעט ער, זינגט ער און קערט אַ וועלט . . .

טאָמער איז דאָס ווינציק, איז ער דאָ שטענדיק ביזי מיט אַ „דאַבליו־פּי־איי“, אַ „עף־עס־יו“, אַ „סי־איי־אָ“, אַן „איי־דאַבליו־אַ“, אַן „איי־על־די“, און מיט איין וואָרט: די גאַנצע „איי־בי־סי“ ליגט דאָ אָף זיין קאָפּ.

זעט איר: דאָרט אָבער, אין רוסענלאַנד, וואָלט ער דאָך צעפּלאַצט געוואָרן און וואָלט ניט געהאַט וואָס צו טאָן. ווי איר זעט מיך אַ אידן, אַז איך זאָג אייך ניט קיין ליגן. דאָרט איז ניטאָ די דאָזיקע אַלע זאַכן. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין דאָרט געווען, האָב איך דאָרט ניט געזען קיין אייניציקן סטרייק און קיין אייניציקן פּי־קעט! . . .

די גרעסטע נעקאָמע, אָבער, האָב איך געהאַט, אין מיין מישפּאָכע

דאָרט. אַי, וואָס ווייסט איר, ווי איך בין זיי דאָרט דערגאַנגען די יאָרן ?! . . .

באַ אייך, זאָג איך זיי, ווייסט מען נאָר פון איין מענטשן : דעם מיסטער סטאַכאַנאָוו. באַ אונז אָבער אין אַמעריקע, — האָב איך זיי דערלאַנגט, — זענען פאַראַן אַקטיאָרן און אַקטעריצעס אין די הונ־דערטער. איי, ווען איר זעט באַ אונז, מעי די וועסט, שוירל טעמפּל אָדער טשאַרלי . . . איי, טשאַרלי מאַי באַי !

האָבן זיי טאַקע געקוקט אַף מיר און ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן.

און וואָס מיינט איר איז די מאַיסע מיט די גרויסע בילדינגס זייערע ? מיט די פעקטאָרים און נאָרט־פּאָל־פּליער ? מיט די פּאַראַ־שוטן־שפּרינגער און אַלע אַנדערע וואונדער, וואָס זיי מאַכן דאָרטן ? . . . מיינט איר, אַז מ׳האָט מיר געקענט פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט דעם ? נעבטיקע טעג ! מיין זונדעלע ווערט טאַקע באַגייסטערט דערפון. אָבער איך ? . . . אַ־נאָ, ניט באַ מאַטיען !

איך פאַרשטיי דאָך עפּעס אַ געשעפט. די אַלע זאַכן, האָב איך גלייך געזען, האָט מען געמאַכט בלויז פאַר איין צוועק : צו רואינירן די וועלט ! אַלע זאַלן עס פאַרן אַנקוקן, און זיי, די רוסאַקעס, זאַלן דערוויי׳ל האָבן אַלעמען וואָס צו ווייזן און זיך קאָנען רייצן מיט דער וועלט ! . . . דערצו, פאַרשטייט איר מיך, איז דאָס פּאַשעט אַ טריק. זיי ווילן אַלץ מאַכן אַליין, קעדיי די וועלט זאָל ניט האָבן וואָס צו טאָן, און אַליין זיך אויך דאַרפן נעמען צו מאַכן רעוואָלוציעס. איר פאַרשטייט ?

אַפילע דאָס, וואָס זיי שיקן זייערע אַרבעטער אַף וואַקיישאַן, איז אויך זייערס אַ קונצעלע. ווי איינער זאָגט : נאָט, זעט, באַ אייך פאָרן די רייכע אַף וואַקיישאַן ? אָבער באַ אונז — פאָרן די אַרבע־טער ! . . . דאָס אַליין איז אויך טאַקע בלויז מיר אַ שטאָך צו טאָן. איר פאַרשטייט ? . . .

ווייטער זאָג איך אייך, אַ כוץ די אַלע טריקס, קונצן און צעלאַ־כעס זאַכן, איז דאָרט גאָר ניטאָ . . . לעבלוטן גאָרניט . . .

איר מעגט ארומגיין און זוכן מיט ליכט אַ ראָוו, אַ דייען, אַ באָס אָדער אַ פּאָרמאַן, און ניטאָ. וואָס דאַרפט איר מער ? איך זע אין גאָס גייענדיק אַ אידן מיט אַ שיינער פאַרקעמטער באָרד. דערפריי איך זיך דאָך. לויף איך צו אים צו און דערלאַנג אים אַ שאַלעם

אַלייכעם. קוקט ער מיר אָן און זאָגט טאַקע אין זייער שפּראַך, אַף רוסיש, אַז ער איז גאָר אַ פּראָפעסאָר, יעמאַך־שמוי! נו, קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן אַזאַ לאַנד?! . . . גויאים גייען מיט בערד און אידן — אָן בערד . . .

און וואָס מיינט איר איז די מאַיסע מיט זייער בידזשאַן? גאָר־ניט.

ס'איז פּאַשעט אַ ווילד לאַנד. די מאָסקיטעס זיינען דאָרט גרויס, ווי די עלעפאַנטן. מוזן טאַקע די דאָרטיקע אידן פאָרן מיט מאָסקי־טעס, אַקערן די ערד מיט מאָסקיטעס און . . . קעדייי צו האָבן פאַר זיך קעז, פּוטער און מילך, מוזן זיי מעלקן טאַקע ווידער די מאָסקי־טעס . . . זאָל איך אַזוי גליקלעך אַרויס מיט דעם „סוויפּ־סטייק", ווי איך זאָג אייך ניט קיין ליגן . . .

דעם עמעס געזאָגט, האָט מיך מיין מישפּאָכע צוגערעדט אַהינ־צופאָרן און אַ קוק טאָן. נאָר — ווי זאָגט מען עס — דאָס שטיקל לעבן איז מיר נאָך טייער. נו, טאַקע, מער פעלט מיר ניט, נאָר מ'זאָל אַף מיר נאָך אָנרייצן אַ פּאָר מאָסקיטעס . . . איר ווייסט דאָך, באַ זיי דאַרף מען נאָר דערהערן, אַז איך בין אַ שטיקל געוועזענער באָס, אַ לענדלאָרד און דערצו נאָך אַ „רעטייערד", — בין איך באַ זיי גלייך פאַרטיק . . .

איך וועל אייך אויסזאָגן אַ סאָד: אין איין זאַך האָט מיך רוסענ־לאַנד איבערגעפירט. איך האָב אָנגעפאַנגען צו צווייפלען, צי ס'איז פאַראַן אַ גאָט. אַ־יאָ אַ גאָט — אויבן, אַפּסטערס . . .

וואָרים, אויב עס וואָלט יאָ געווען עפּעס אַפּסטערס, אין דער הויך, וואָלטן זיי, די כעוורע אין רוסענלאַנד, מיין איך, דאָס שוין לאַנג געוועז אַרונטערגעשלעפּט פאַר באָרד און פּייעס . . . ווייל ס'איז שוין אין זייערע בלוטן צו קריכן נאָר דאָרטן, וואו מ'טאָר ניט, און טראַכטן נאָר דאָס, וואָס מ'טאָר ניט. אַז מען טאָר דאָך גאָר באַ זיי ניט זאָגן: דאָס קאָן מען ניט, אָדער דאָס טאָר מען ניט . . .

איר הערט, אַלע וואָס ווינטשן מיר בייז, זאָלן לעבן מיט די סאָוועטשיקעס. פאַר מיר איז דאַצענאַף! כ'וועל בעסער זיין אַ מאַנאַט אין די „מאַונטנס", אין לייקוואוד אָדער אין פלאָרידע, נאָר ניט אין רוסענלאַנד. איר האָט זיי יאָ ליב! טאָ פאָרט אייך געזונטער־הייט אַהינצו, נאָר איין זאַך בעט איך אייך:

דאָ מאַכט ניט קיין טראָבל! דאָ לאָזט מיך צו רו! . . .

# וואו ס'קלאַפּט דאָס האַרץ...

ניין, איך קאָנט מיר ניט איבערשרעקן! אויב ס'האַרץ האָט ניט קיין מוירע צו זיין אַף דער לינקער זייט, האָב איך אויך קיין מוירע ניט. אין אַלגעמיין האָב איך ליב צו זיין דאָרט — וואו סע קלאַפּט... בין איך דעריבער אַ לינקער, און טוט מיר עפּעס.

דער באָס האָט מיך געהאַלטן אין איין שרעקן מיטן דזשאָב. דער לענדלאָרד — מיט שטיין אין גאַס. און איך — האָב זיי ביידן אַריבער־געלעבט. דער באָס איז שוין מער קיין באָס ניט און דער לענדלאָרד איז שוין אַ דזשעניטאָר. ווי מיר דאַכט זיך, וועלן זיי איצט ביידע ווערן לינקע. אָבער איך... איך בין מיר נאָך אַלץ דער זעלבער, וואָס געווען.

„ס'פּאַסט ניט", — טיינעט צו מיר דער פּרעזידענט פון מיין סאָסייטי, — „אַזאַ איד, ווי איר, קענהאָרע אין די זעכציקער, מיט אַ גרויער באָרד און מיט אַן אָנזען... ס'איז דאָך אַ שאַנדע!... מיט די לינקע אין אַ פּאַראייניקטן פראָנט?!"...

גיב איך אים אַ נעם אַרונטער ס'קאַפּעלושל און ווייז אים:

זעט, נאָר איינער, אַפילו דאָס שרינטל אַף אייער קאָפּ איז דאָך אויך לינקס. די לינקע מאַכן איבעראַל אַ וועג... און ווייל אימיצער געפינען אַן אויסוועג — איז נאָר לינקס, ברודער פּרעזידענט!...

עד, וואָס דערציילט איר מיר, אַלץ נאָכאַמאָל, וואָס מ'זאָגט אייך? הערט בעסער אַ מאָל, וואָס איך וועל אייך זאָגן. זאָג איך אים:

אַ מענטש האָט בלויז צוויי פיס, אַ יאָ? שעמט זיך פונדעסט־וועגן ניט איין פוס און איז זיך אַ לינקער. אַ מענטש האָט צוויי הענט, אַ יאָ? שעמט זיך ניט איין האַנט און איז אויך אַ לינקע. אַזוי איז מיט די אויגן און מיט די אויערן. און ווייל דער מענטש האָט בלויז אַן איינציקע נאָז, און ער פּרובירט זי שטופּן איבעראַל, ווי אַן „אומפּאַרטייאישע", — שטייט זי טאַקע ווי אַ נאַר אינמיטן, און אַלע דערקענען זי גלייך פאַר אַ סמאַרקל... דערפון קאָנט איר שוין זען, אַז דער לינקער איז פּונקט אַזאַ יאַכסן אַף זיין זייט, ווי דער רעכטער — אַף זיין זייט... היינט דאָס האַרץ?!... ווען

איר זאָלט אפילע אַפּגילטן דאָס האַרץ, וועט עס די לינקע זייט ניט פאַראַטן! זי פילט — לינקס . . .

וואָס דאַרפט איר מער! אפילע אין אייער קאַפּאָטע האָט די לינקע זייט מער רירעוודיקייט, ווי די רעכטע . . . איר פאַרקנעפּלט זיך אַלע מאָל לינקס אַף רעכטס . . . די לינקע פּאָלע איז שטענדיק פון אויבן און האָט די אויבערהאַנט . . . אַ נו, טוט עפּעס דערצו, אויב איר קאָנט! . . .

וואָס זאָגט איר? פרומע אידן און ווייבער פאַרשפּיליען זיך פאַר־קערט? . . . נו, מיינע איך דאָך דעריבער, אַז מ'דאַרף זיי אויפקלערן, וועלן זיי נאָכטאָן, וואָס אַלע קלוגע מענטשן טוען . . . דערווייל זענען זיי נעבעך ניט מאָדיש, אָבער . . . מיט דער צייט, האָף איך, וועלן זיי אויך קלוגער ווערן . . .

מיין קליין אייניקל, אויב מ'זאָגט איר, אַז אַ בער גייט, דער־שרעקט זי זיך. מיך אָבער קאָן מען שוין מיט קיין בער ניט שרעקן. איך ווייס שוין גוט, ווי אַ בער זעט אויס. יאַ־יאָ . . . אַזוי, אייך געפעלט ניט דער רוסישער בער? איר קייט איבער דאָס אייגענע, וואָס די ווייסע־גוואַרדייצעס, וואָס די שוואַרץ־מייעניקעס און וואָס די געלע־צייטונגען קייען שוין צוואַנציק יאָר. איר זענט געוואָרן אַ קאַשערע בעהיימע און איר מיילע־גיירעט.

זאָגט מיר, איך בעט אייך, האָבן אידן גלייכהייט אין סאָוועטנ־לאַנד? יאָ! . . . קיין פּאָגראָמען — ניטאָ? ניטאָ! . . . קיין געטאָ־ביינק — ניטאָ? ניטאָ! . . . די אידן קענען לערנען און דערגרייכן אַלץ מיט אַלעמען צוגלייך? יאָ! . . . אַ בירא־בידזשאַן מיט אידישע קולטור בויט מען? מען בויט! . . . סלעק, סעק און אנדערע שלעק אָפּגעשאַפט? אָפּגעשאַפט! . . .

היינט וואָס ווילט איר? וואָס שרייט איר, אַז מען זאָל אייך געבן פון אַ קנעפּל רעשטע? וואָרום, טייערער? מיינט איר טאַקע, אַז ווען מען גייט מאַכן אַ רעוואָלוציע פאַר די פּויערים, זאָל מען פריער גיין און פרעגן יעדן פּויער באַזונדער, צי מ'זאָל מאַכן די רעוואָלוציע? . . . אייך זאָל מען קומען פרעגן, וואָס צו טאָן?

אַזוי, אייך פּאַסט ניט זיך צו פאַראייניקן מיט זיי?! . . . איר'ט מיר מויכל זיין, וואָס איך וועל אייך זאָגן: מיט אייך איז פּונקט, ווי מיט מיין פעטער. ער אַליין האָט אַלע מאָל געטראָגן אַ היטל אַפן קאָפּ צוליב אַ פּאַרך, און קעדעי צו פאַרדעקן זיין פאַרכעריי, האָט

ער דעריבער געשריען אַף אַלעמען, וועלכע זענען געגאַנגען אָן היטלן, אַז זיי זענען גויאים. איר הערט אַ מאַיסע? גויאים זענען זיי. זיי גייען מיט די בלויזע קעפּ און מ'טאָר דעריבער גאָרניט האָבן צו טאָן מיט זיי . . .

אַזאַ טאַם האָט איר, ווען איר שרייט, אַז אייך פּאַסט ניט צו גיין מיט די לינקע . . . ס'הייסט מאַכן אַ פּאַראייניקטן פראָנט.

אדראַבע, זאָגט אַליין, וואָלט איר, אָדער אייער גלייכן, געקאָנט טײַנען צו די היטלערקעס, די מוסאָלינקעס, אָדער צו די פּאַרדריפּעטע פּאַנעס פון פּוילן, אַז אייך שטייט ניט אָן צו זיין פּאַגראָמירט צוזאַמען מיט די לינקע אָדער צוזאַמען מיט זיי זיין פּאַרפּאַקט אין די קאָנצענט־ראַציע־לאַגערן?

א יאָ, ניין?!

און איר זאָגט, אַז ס'פּאַסט אייך ניט צו גיין צוזאַמען מיט זיי. נו, און זיצן צוזאַמען מיט די לינקע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אַף געטאָ־בענק אין געהאַקטע וואונדן, — דאָס פּאַסט אייך יאָ? . . .

איך, זעט איר, האַלט, אַז צוזאַמען — זאָל זיין צוזאַמען ביז אַרונטער. איך שעם זיך ניט מיט דעם, וואָס איך בין. בלויז אַ גאַנעוו האָט מוירע צו ווייזן זיין פּאָנים. איך — ניט. אַזוי ווי איר זעט מיך — אַזוי בין איך! . . . מיין האַרץ קלאַפּט אַף לינקס! . . .

# אַלע האָבן מיר אין זינען!

איך מיינט, אַז דאָס שטיי איך עס אויף אַזוי פרי צו דער אַר־בעט? — האָט איר אַ טאָעס. די נויט, דאָס איז מיין וועק־זייגער!... גאַנץ אָפט לויף איך אַרויס פון הויז אין שרעק פאַר די שאָטנס. אין יעדן ווינקל, וואו איך וואַרף אַן אויג, וואַנדערט דאַלעס . . . אין בעטל — אַ הונגעריק קינד. אַף דער פּאָדלאָגע — שיך מיט צעעפנטע מיילער. אָפן אויוון — שוואַרצע פּוסטע טעפּ. און אין ברויט־קאַסטן — פּוסט, ווי אין קעשענע . . .

אַרויסגייענדיק פון טיר ציטערט מיר אָפט דאָס האַרץ, איך זאָל נאָר ניט באַגעגענען דעם מילך־מאַן, ווען סע קומט פאַר פיר וואָכן מילך, און דעם דזשעניטאָר, וועלכער רייסט זיך דעם פּעלץ פאַרן לענדלאָרד און מאָנט די לומפּיקע דריי מאָנאַטן רענט . . .

אָבער, ס'איז מיר גרינגער פּאַטער צו ווערן פון מילך־מאַן פונם לענדלאָרד, פון די שאָטנס אין הויז. זייער שווער איז מיר אָבער צו לייזן די פּראָבלעמען מיט מיין מאָגן:

איך טיינע: סלעק, קריזיס, און ער — בורטשעט זיך זיינס: איך וויל ניט וויסן פון קיין סיזאָן, מיר גיב צו דער האַנט . . . אָדער איך פּאַק דיך איין — און וועל אָפּהערן פאַר דיר צו אַרבעטן . . .

זוך איך, זוך איך, שאַפּ־איין, שאַפּ־אויס, גאַס־איין, גאַס־אויס. פאַר דער צייט, וואָס איך גיי אַרום ליידיג און דאַרף לייענען די שילדלעך אַרום די פאַבריקן, האָב איך געקראָגן אַ פאַריסענעם קאָפּ... נו, זעט נאָר, צו וואָס די נויט קען אַ מענטשן טרייבן?! . . .

קאַלט, צי וואַרים, רעגן, צי שניי, איך — זוך אַרבעט! מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק טרעף איך אַ שילדל וועגן אַ דזשאָב. איך כאַפּ זיך אַרויף אין שאַפּ, — געוועזן פון די גליקלעכע, פון די ערשטע. דער באָס קוקט מיך אָן און גיט אַ וואונק צום פאָרמאַן. און ער, דער פאָרמאַן, רעדט גלייך צו מיר:

דאָ איז אַ שאַפּ, ניט קיין מוישעוו־זקיינים . . . מיר דאַרפן ניט קיין טילים־זאָגער . . .

דאָס האָבן מיך מיינע גרויע האָר אַזוי פאַראַטן. כאָטש נעם

און שנייד זיך אַפ דעם קאָפּ . . . און פּאַרקערט רעדנדיק, ווען איר האָט שוין אַפּילע יאָ שוואַרצע האָר מיט געזונטע לאַפּעס און קאָנט שוין יאָ אַריינשיסן א טאָג אַרבעט, איז וואָס? אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו שיסן, כאַטש נעם און פאַרשרייב זיך פאַר א מילכאָמע . . .

איך הערט? לעצטן יאָר האָב איך געקראָגן א שטיקל דזשאָב און אַרבעט אַפ פינף וואָכן. רעדט מיר איין מיין פרוי, מיר זאָלן אַרויסוואַרפן דאָס הילצערנע אייז־באָקס און אַריינגעמען א „פרידזשי־דער". ס'איז שענער, זאָגט זי, בעסער. און זי באַווייזט מיר, אַז מיר וועלן דערצו גאָרניט דערלייגן. איז זי אַוועק, געקויפט א „פריי־דזשידער" פאַר 82 דאָלער, אַף אויסצאָלן צוויי דאָלער א וואָך. נו, וואָס דאַרף איך אייך לאַנג ברייען? ווי דער „פרידזשידער" איז אַריינגעקומען אין הויז, האָט דער באָס מיך אַוועקגעלייגט אַף אייז און . . . גוד־באַי דזשאָב! . . .

איצט, נאָכדעם, ווי איך האָב שוין אַרויסגעוואָרפן דאָס הילצער־נע אייז־באָקס און די 22 דאָלער איינגעצאָלט אַפן „פרידזשידער", איז מען לעצטע וואָך געקומען פון דער קאָמפּאַני און דאָס באַ מיר צוגענומען. איך זאָג אייך, ס'איז נאָך א שטיקל גליק, וואָס ס'איז ניטאָ וואָס אין אייזבאָקס אַריינצושטעלן . . .

דערפאַר, זעט איר, איז מיר אָבער איין זאַך גוט. פאַר דער צייט, וואָס איך אַרבעט ניט, האָט מען זיך גענומען מיט מיר רעכענען . . . איינער זאָגט, איך בין פון די 12 מיליאָן אַרבעטלאָזע. א צווייטער זאָגט — פון די 10 מיליאָן. די אונטערשטע שורע — איך בין אַפן צעטל . . .

טאָקע עמעס: פאַרן „אָלד־איידזש" פאַנד בין איך נאָך צו יונג. פאַר אַרבעטלאָזע־אינשורענס בין איך ניט באַרעכטיגט, ווייל איך האָב ניט קיין דזשאָב. פון דער „דאָבליו־פּי־עי" האָב איך געקראָגן א „פינק־סליפ". און פון רעליף? — זאָלן לעבן אונזערע באַנקירן! . . .

אַנומעלטן בין איך מיר געזעסן און געוואָרט פאַר מיין „מאַשגיאַך", צו קענען קריגן די פאַר דאָלער „רעליף". איז מיר אויסגעקומען צו זיצן אין הויז און כאַפּן א שמועס מיט מיין ווייב.

שפּאַס איך אַזוי און זאָג איר: איך ווייס גאָרניט, צי זאָל איך באַדויערן, וואָס איך אַרבעט ניט, אָדער פאַרקערט — זיך פילן שטאָלץ.

הער א געשיכטע, — טיינע איך צו איר, — איך בין שוין 32

יאָר אין אַמעריקע, האָט זיך ווען עמיצער פאַראינטערעסירט צו וויסן פון מיר, צי איך אַרבעט? צי בין איך פאַרהיירעט? צי האָב איך קינדער? איצט אָבער — ווער קען זיך גלייכן צו מיר? פאַר די לעצטע יאָרן, זינט איך אַרבעט ניט, ריידן אַלע וועגן מיר . . . אַלע טראַכטן פאַר מיר פּלענער . . . מ׳היט מיך, ווי דאָס אויג אין קאָפּ . . . אַלע פרעגן זיך נאָך אויף מיין רעקאָרד — אויף מיין איכעס . . . אין דער יוניאָן האָט מען מיך רעגיסטרירט. אין „רעליף ביוראָ״ האָט מען מיך אָפּגעמאָלן און באַשריבן. דער פּרעזידענט פון יונייטעד סטייטס פרעגט זיך נאָך אויף מיר. ער וויל ניט אַנדערש, נאָר איך זאָל אים לאָזן וויסן, וואָס איך טו און ווי איך לעב . . . אין אַלע גראָסעריס זוכט מען מיר אָרום, ווי מיט ליכט . . . און אין דער איצטיקער גראָסערי זיינען מיר פאַרשריבן פון קאָפּ ביז די פיס עפּשער אויף צוואַנציק זייטלעך . . . מיט איין וואָרט: אונזער נאָמען וואַקסט פון טאָג צו טאָג און . . . אוי, ווען מיר האָבן נאָך דערצו וואָס צו עסן?

יאָ, — ענטפערט זי מיר, די ווייב מיינע, — דאָס איז דאָך די מאַיסע, וואָס אַלע זיינען זיי אַזוי פאַרנומען מיט רעדן און שרייבן וועגן דיר און האָבן שוין קיין צייט ניט עפּעס צו טאָן. בעמיילע האָבן שוין די מיליאָנען אַרבעטלאָזע אויך קיין אַרבעט ניט . . .

שטעל דיר פאָר, — זאָגט זי צו מיר, — ווען אַלע זאָלן האָבן אַרבעט און אַרבעטן, וואָלט געווען גענוג אַרבעט . . . האָב איך פון אָנפאַנג געמיינט, אַז מיין ווייב איז מעשוגע. ווען זי האָט מיר אָבער צעקייעט די ווערטער, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען, אַז ניט זי איז מעשוגע, נאָר די צעדרייטע וועלט. יאָ, די וועלט איז מעשוגע . . .

אָט, קוק זיך איין, — לייגט זי מיר אַריין די ווערטער אין מויל, — דו האָסט ניט קיין ווינטער־מאַנטל. איך און די קינדער האָבן ניט וואָס אָנצוטאָן. מיר ליגן אין פינצטערע קוואַרים, אָבער די לייט, וואָס מאַכן די ציגל, ליגן אין דרויסן און וויקלען זיך אונטערן רעגן. דער קרעמער, און דער אינזשענער, און דער אַרבעטער זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. אַמאָל שטופּן זיי עפּשער אַריין די הענט אין די צעריסענע הויזן־קעשענעס. אָבער ווען אַלע נאַקעטע זאָלן קריגן וואָס אָנצוטאָן, אַלע הונגעריקע — אָפּצועסן צו זאַט, אַלע היימלאָזע — אַ דאַך איבערן קאָפּ, — וואָלט דאָך שוין די סכוירע ניט געפוילט אין די קראָמען, נאָר מ׳וואָלט געדאַרפט נאָך און נאָך . . . איז די צאָרע

טאקע נאר אין דעם, וואס עס פעלט אונז א לייטישער מענעדזשער. עפעס אזוינס, וואס זאל א מענעדזש טאן, ווי סע באדארף צו זיין . . . פארשטייסט?

ווי קומט דאס צו מיין ווייב? וואונדערט איר זיך. א קיד, ברודערל, וואו ס'איז פאראן עסן צודערזאט, ברייטערט אוים דעם מאגן, — אבער א קיד, וואו ס'פעלט ברויט — ברייטערט אוים דעם גערדאנק . . . דער אנעמפלאימענט קאונסל, די רעליף ביורא, די ברויט-ליין און די פיקעט-ליין איז איר קאלעדזש. עס האט איר געגעבן לעסאנס צום לערנען, אי, קען מען פון דעם עפעס לערנען! . . .

# מילכאָמע, געהאַרגעט זאָלסטו ווערן!

מילכאָמע, אַ זעץ, אַ שאָס, אַ קנאַל, מענטשלעכע קערפּערס ווערן צעלייגט, ווי די צעפּערטלטע גלידער אין אַ שלאַכט־הויז: קעפּ, געהירן, אינגעווײדס, פיס, פריש וואַרים בלוט רינט, רינט, — אַ בוינע פון מענטשישע פלייש פאַרן מאַרק פון די רייכע! . . .

הייזער ליגן צעשאָטן אין שטויב. אַ דאַך ליגט אַף דער ערד. אַ דיל הייענגט אַף דער וואַנט. אַ קוימען פליט מיטן רויך. אַ בוים מאַכט אַ קאָזשעלקע מיט די וואָרצלען צום הימל. אַן עראָפּלאַן קראַכט. אַ באַרג צעטאַנצט זיך אַ האָפּקע . . .

אַ וואָלף בייסט אַ סאָלדאַטסקע ליטקע. אַ הונט גריזשעט אַ מענטשלעכן ביין. אַ קראָ פּיקט אַ קינד׳ס אויג . . . אַ שלאַנג שלייענגלט זיך אין זוריקן בלוט . . . ס׳איז מילכאָמע! אַ שראַפּנעל האָט אַ בסורע געבראַכט פונ׳ם סוינע׳ס לאַגער . . .

אַ מענטש איז גאָרניט, — פּיף־פּאַף! ווי אַ טראָט אַף אַ לאַגער פון מוראַשקעס. מ׳גייט אָן קעפּ. מ׳קומט אָן פיס — מילכאָמע!

* * *

אין אַ הויז זיצט אַ מאַמע, האַלט אַ פידל אין האַנט . . . אַף דעם פידל האָט געשפּילט איר אײנציקער זון. איצט האַלטן זיינע צאַרטע פינגער אַ ביקס אין האַנט. ער שיסט. מ׳הייסט אים שיסן . . . דער הערשער איז באַזויפן — ער וויל בלוט! . . .

די מאַמע הערט צום געקראַך. זי כאַפּט דאָס פידל, וויל עס זאָלן זיך צעשפּילן איר קינד׳ס מעלאָדיעס. זי רייסט די סטרונעס מיט אָפּגעריסענע קלאַנגען. — — — — — — די סטרונעס קראַמפּן זיך, ווי די גערערים פון אַ דורכגעשאָסענעם סאָלדאַט . . .

אַ קאַלע האַלט אַ בריוו פון איר כאָסן. די ווערטער דרייען זיך פאַר אירע אויגן, ווי אַן אויפגעריסענער באַרג. בײַ יעדן וואָרט ווישט זי אויס אַ טרער. ער שרייבט: „ווען דו לייענסט איצט דעם בריוו און עס שטייען ווערטער פאַר דיינע אויגן, אַזוי שטייען טויט־שראַפּנעלן פאַר מיינע אויגן. דאָס לעבן איז דאָ שווער, דער טויט — גרינג! אויב“ — — — — — —

דעם בריוו האָט צוגעשיקט איר כאָסנ'ס כאַוועד. ער שרייבט:
„איך הער איצט דעם טיק־טאַק פון אַ זייגער. פאַר מיר און פאַר דיר איז דאָס אַ האַרץ... ער, דיין כאָסן, איז — אינמיטן פון שרייבן דעם ליבע־בריוו — געפאַלן טויט פון צוגעגרייטן האָס! ... זיין זייגער איז געבליבן לעבן און ווייזט מיט קאַלטע ווייזערס די שווי־דערלעכע צייט“...

אַ גרופּע קינדערלעך קוקן אויף די גרויסע צייטונג־קעפּ: פּופּצן טויזנט — טויט אין ריזיגער שלאַכט“. די קינדערלעך מאָלן זיך אין זייערע געדאַנקען, ווי זייער טאַטע האָט אויסגעזען אין דעם מאָמענט, ווען ער איז צעריסן געוואָרן פון אַ שראַפּנעל. די בלאַסע קינדערלעך עפענען אַלע ווייל דאָס בריוו־קעסטל באַ זייער היים צו זען, עפשער האָט זיי דער געדאַנק אָפּגענאַרט.

צוויי ברידער, באַ צוויי גרעניצן, שיקן זייערע גיפטיקע פיילן: ברודער מיינער, שרייט אויס איינער; ברודער, — שרייט דער צוויי־טער. ביידע פאַלן אויף די העלדזער — ביידע פאַלן טויט! ...

מילכאָמע, מעשוגענע מילכאָמע, דו רירסט בערג! דו רירסט הימלען! דו רירסט מענטשלעכע געדאַנקען! ...

עס לויפט אַרום אַ יונגע פרוי. מ'האָט איר גליקלעך לעבן צע־ריסן ... מ'האָט צוגענומען איר מאַן ... זי רייסט זיך די האָר:

— ברייגגט אים צוריק! ברייגגט אים פערטעלעך, שטיקעלעך, ברעקעלעך! איך קאָן דערקענען זיין האַנט, זיין פוס, זיין אויג, זיין ליפּ! אַלץ איז דאָך מיט מיינע קושן באַדעקט! ...

זי זינגט אַ ווילד געזאַנג. זי לאַכט אַ ווילד געלעכטער:

— אָט איז זיין האַנט ... אַ נו, נעם מיר אַרום! ... אָט איז זיין פוס ... „גייען מיר שפּאַצירן — טראַלאַלאַלאַם!“ .. אָט איז זיין ליכטיק פּאָנים ... קוש מיר שטאַרקער, שטאַרקער, כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! ...

אַ מילכאָמע, אַז געהאַרגעט זאָלסטו ווערן מיט דיין באַשאַפער! ...

# אַ נייע סאָרט מילכאָמע...

עס איז גרינג צו רעדן, מאַכן מילכאָמע, פונדעסטוועגן ווינטש איך ניט מיינע פריינט צו „ארבעטן" אין דער ליין ... ס'איז פּאַשעט אַ ראַכמאַנעס אַף די מילכאָמע־פירער, זיי ווערן אויסגעריסן נעבעך, דאַס טראָגן אַף זיך די ערן־בענדלעך, קאַקאַרדעס, מעדאַלן, און מוזן נעבעך שטענדיק זיין גרייט — צו ווערן געקושט און פאַרוואָרפן מיט בלומען פון די לעידים און דזשענטלמען — פאַר זייער בראַווקייט, העלדישקייט און פּאַטריאָטיזם ...

אַ שווערע ארבעט אויך פאַר די הערשער. מילכאָמע מאַכן, אַ שווער שטיקל ברויט, ס'קומט ניט אָן אַזוי גרינג — צעקוילענען מיליאָ־נען, פאַרוואונדן צענדליקע מיליאָנען, אַפּווישן שטעט און דערפער, ארונטערזינקען שיפן און עראָפּלאַנען. ס'איז שווער צו שטיין מיט'ן כאַלעף אין האַנט, שעכט! שעכט! שעכט! — און בלייבן גערעכט.

זיצן די מעכוטאָנים — מאַגנאַט, פינאַנסיר, אימפּעריאַליסט ארום אַ רונדן טיש, באַדעקט מיט אַ לאַנד־קאַרטע און טיילן זיך — לעקאַד בראָנפן ...

די מעכוטאָנים האָבן אַ טעבע, האַלטן אַ שטיק טאָרט אין האַנט און קוקן אָפן צווייטנס ביסן אין מויל ...

ניט קיין גרינגע כאַיונע צו זיצן ארום אַ פעטן (ערד) קוגל, וואו יעדער ביסן ווילט זיך אַליין אריינפרעסן און דאַ זיצן ארום אַזויפיל הונגעריקע מיילער, פרעסער און נאַשער ... יעדערער פון זיי קאָן איינשלינגען אַ וועלט ...

מילכאָמע איז דאַכט זיך אַזוי אַלט, ווי דער מענטשנ'ס אַפּעטיט, דאָך — עסן האָט זיך דער מענטש אויסגעלערנט מיט מאַניערן, אַ נעפּקין, אַ גאָפּל, דאָס רעכטס, דאָס לינקס. אָבער פרעסן איז געבליבן לויט דער אַלטער מאָדע: אַ כאַפּ, אַ ריס, אַ פּליק, אַ שלינג און ווידער קוקן יענעם אויף די הענט ... ווידער רייסן באַ יענעם פון מויל ...

* * *

איר הערט, ווען מ'פּאַלגט מיר, וואָס זאָגט איר? אַז מ'פרעגט מיר ניט, טאָקע דאָס איז די צאָרע.

איך וואָלט איינגעפּירט א נייע סאָרט מילכאָמע, א מילכאָמע מיט מאַניערן, מיט די סאַמע לעצטע מאָדעס פון עטיק און עסטעטיק.

איך פרעג אייך, פאַרוואָס קאָנען צוויי גענגסטער, דאַכט זיך פראָס־טע גענגסטער, סעטלען זייער קאַמף פאַר מאַכט און טעריטאָריע דורך דעם, וואָס זיי באַגריסן זיך דורך א „פּייערונג" צוויי פּאַרטאַג, ערגעץ אין א קאַבאַרעי — מיט א האַלב טוץ קוילן, אָדער לאָדן איין איינער דעם אַנדערן פאַר אַן אַרויספאָר . . . אונטערן שטאָט, — און דער וואָס איז פלינקער טראָגט די קרוין, ביז — א צווייטער פּאַסט זיך אָן די קרוין אַפן קאָפ?

אָדער, לאָמיר נעמען צוויי פּרייז־פּאַיטערס, גייען אַרויף אַף דער אַרענע, ווי זיידענע יונגערמאַנטשיקעס, מיט סאַמעטענע הייזקעלעך, אויסגעפּוצט אין דזשענטלמעניש האַנט־שו און גיבן זיך שאָלעם אַליי־כימס . . . א גוט ברודערישן קלאַפּ אין פּלייצע . . . א פּיק אין נאָז . . . א דריי פאַרן אויער . . . א קיצל אין פּופּיק . . . א גלעט איבער די האָר . . . א קניפּ אין בעקל . . . און דערנאָך, ווער עס קען נאָך הערן דאָס ציילן ביז צען — דער קריגט דאָס טעלערל פון הימל . . .

זאָגט מיר, איך בעט אייך, פאַרוואָס וואָלט שלעכט געווען צו מאַכן אַזוי מילכאָמעס? צו וואָס מושטירן, פּירן, שפּייזן, קליידן און מאַטערן די מיליאָנען נאָך יונגע צוציקעס מיט דער מאַמעס מילך אויף זייערע ליפּן און וואָס האָבן נאָך ניט קיין דערפאַרונג אין קריגן און שלאָגן זיך?

איך וואָלט גענומען א גרויסן זאַל, אַרויסגעלאָזט גרויסע אַפישן מיט די בילדער פון אַלע אימפּעריאַליסטן, מילכאָמע־צינדער, אינטער־נאַציאָנאַלע פּיראַטן, שאָווויניסטן און גלאַט געלט־שלינגער. איך וואָלט אַדווערטייזט ווייט און ברייט איבער אַלע שיפן און באַנען, אַף אַלע פאַבריקן און קראָמען: קומט צום גרויסן ספּעקטאַקל: „מילכאָ־מע", וואו ס'וועט אויסגעפּאַכטן ווערן דאָס רעכט — אַף אומרעכט . . . צווישן די העלדן און פּאַטריאָטן. פּרייזן פון בילעטן: 25, 50 און 1 דאָלאַר. שאַבעס מאַטינע — לעידים פריי!

די יוגנט, די איצטיקע מילכאָמע־גייערס וואָלט איך אַריינגעלאָזט אַף קינדער בילעטן . . . די אַלטע וועטעראַנען, וועמען ס'פעלט א האַנט, א פוס פון דער לעצטער וועלט־מילכאָמע, וואָלט איך געהייסן זיצן בא

די ראַדיאָס, זיך צוהערן און קלייבן נאַכעס, ווי די אימפּעריאַליסטן „דערשלאָגן" זיך צו עפּעס . . .

נאָך אַזאַ פאָרשטעלונג וואָלט יעדער איינער זיך גענהאַט „אויסגע־שלאָגן" זיינע הויצאָעס און די וועלפּישע ציין — איינער באַם אַנ־דערן . . .

די הויפּטזאַך, זיי וואָלטן געקענט מאַכן פּראָפיטן, דער „זיגער" וואָלט געמאַכט געלט פון אַ מואווי, פון זיינע בילדער, פון שרייבן זיין לעבנס־געשיכטע און אויפטרעטן אין וואָדעוויל . . . דער געשלאָ־גענער ווידער, וואָלט געקענט ארומפאָרן אַף אַ וועגעלע איבער זיין גאַנצן לאַנד און ווייזן זיין „פּאַטריאָטישקייט", ווי ער האָט זיך מאַקרעווו געווען פאַרן פאָטערלאַנד. ווער וואָלט דאָס זיין אַ חזיר און ניט אַריינוואַרפן אַ גרייצער אין פּושקע ? . . .

וואָס־זשע, איר זאָרגט זיך פאַר די אַרבעטער ? זיי וועלן פאַר־לירן אַ שטענדיקן דזשאָב באַ די מילכאָמע־מאַטעריאַלן, בויען קריגס־שיפן, עראָפּלאַנען, גאַז־טאַנקען, קוילן־וואַרפער, קאַנאָנען, טאָרפּידאָס ? און וואָס נאָך ? וואו וועט זיך אַהינטאָן די יוגנט, וואָס וועט ניט געהאַרגעט ווערן, נאָר — בלייבן לעבן אוּן וועלן לעבן ? . . .

אַ שיינע פראַגע, כ'לעבן ! נאָר ס'איז אויך דאָ אַ רעפּויע פאַר דער מאַקע. נעמט די וואָס גייען אַרום ניט דערעסן, גלייכט אויס מיט די, וואָס פרעסן — וועט זיין פאַר אַלעמען צום עסן !

איך זאָג אייך, ווער, ווער, נאָר די טאַטעס־מאַמעס פון די יונגע קינדער וואָלטן געקויפט אָרקעסטער בילעטן צו זען די שפּיל „מילכאָמע" און וואָלטן געפּאַטשט בראַוואָ מיט'ן גאַנצן האַרצן !

וואָס זאָגט איר, טאַטעס, מאַמעס, ס'געפעלט אייך מיין פּלאַן ?

# ביזנעס בעפאָר פלעזשור...

וואָס קווייקלסטו זיך, יאַלד? דו ווייסט ניט וואָס איך מיין? קום, וואַרעם זיך אָן! . . . איך בין פריש. איך בין יונג. דו ווייסט דען ניט, וואָס די צוויי פינגער מיינען? — „טו באָקס" . . . צוויי דאָלער . . . פאַרשטייסט? . . .

קוק ניט אַף מיר מיט איין אויג! דו וועסט מיך ניט גוט קאָנען אָנקוקן . . זעסט אַ מיידעלע? אַ מאָדעל, אַ צאַצקעלע, זאָג איך דיר! . . .

נו, און אַז איך בין אַ גאַסן-פרוי, איז וואָס? ווייסטו דען ניט, אַז מיר, גאַסן-פרויען, זיינען די אָרענטלעכסטע אַף דער וועלט?! . . . כאַ-כאַ-כאַ . . . מיר זיינען שטענדיק אָפנהאַרציק און פאַרדעקן ניט אונזערע זינדיקע מאַיסים . . .

און פאַרוואָס בין איך עס זינדיק? ווייל איך פאַרקויף מיין קערפּער? און דו, יאַלד, פאַרקויפסט דען ניט דיינע הענט אין שאָפּ? איך האָב אויך געוואָלט פאַרקויפן די הענט. איך גיי שוין אַרום זוכן אַרבעט מאָנאַטן לאַנג. איין ענטפער — ניטאָ!

די נאַרישע מיידל וואַרפט אויף מיר אירע קעצישע אויגן און קוקט מיט פאַראַכטונג: איך האָב איר די מאָראַל צעפּלאַכטן! און זי, די מיידל, פאַרשמירט מיט רויטס אירע טרוקענע בלאַסע ליפּן, פאַרווייסט איר פאַרפינסטערט פּאָנים און מיינט, אַז אָנקל סעם איז איר פעטער . . . כאַ-כאַ-כאַ! . . . נאַרישע מיידלעך! . . . איר האָט דאָך אויך כאַסענע פאַר אַ „מיל-טיקעט"! . . .

און דער דאָקטאָר פאַרקויפט דען ניט זיין נעשאָמע? און דער פּראָפעסאָר האָט דען ניט יאָ אַ ריין געוויסן? און דער שרייבער האָט יאָ אַ קלאָר האַרץ? . . . נו, און דער פאַבריקאַנט, דער באַנקיר און דער געשעפטסמאַן, — זיינען דען אומשולדיקע לעמעלעך? . . . איך פאַר-קויף זיך. זיך אַליין. געפעל איך דיר? — פיין! ניט? — גוד-באַי! . . .

איר קענט זיי, די — מיט די הויכע צילינדערס? איך קאָן זיי! פאַרקויפטע נעשאָמעס!

קאַנגרעסלייט, סענאַטאָרן, דיפּלאָמאַטן, — מ׳האַנדלט מיט געווינס, ווי מיט בייגל אַפן מאַרק. נעשאָמעס פאַרקויפט מען, ווי פעל פון אָפּגעשונדענע אָקסן! . . . אַלץ איז געשעפט! אַף אַלץ איז דאָ אַ מאַרק! קויף, פאַרקויף! . . . „טו באָקס", פּלים! . . . איך בין אַ שרייפּל אין דער געשעפטס־וועלט . . . ניט קיין מאַרגאַן, ניט קיין פאָרד, אָבער איך בין אַפן מאַרק. איך קאָן נאָך קאָנקורירן . . .

איך בין אַ שיין מיידעלע,
מיין מאַמע רופט מיר מאַלי,
גיב איך איינעם נאָר אַ וואונק —
לויפן ,מיר נאָך אַלע . . .

איך האָב אַ קליין אינגעלע, זאָגט ער מיר, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער זיין אַ דזשאָדזש. אַ דזשאַדזש, — אַ ריינער, אַ נאָבעלער ריכטער. היינט האָט דער דזשאָדזש מיך באַפרייט צום אַכטצענטן מאָל. איך בין, זאָגט ער, אומשולדיק. אומשולדיק, כאַ־כאַ־כאַ! . . . אומשולדיק און ריין, ווי דער ריכטער אַליין . . .

איך האָב פריער אַביסל געטרונקען און אַ סאַך געוויינט. אַלעמאָל, ווען איך דערמאָן זיך, וויין איך. אָט שטייט ער מיר פאַר מיינע אויגן. אָט־אַזוי האָט ער אויסגעזען, מיין ערשטער געליבטער: פעך־שווארצע האָר; אויגן — ווי צוויי פייערדיקע קוילן. הויך און עלעגאַנט. אין דער לעצטער מילכאָמע איז ער געווען אַ קאָרפּאָראַל. געקראָגן מעדאַלן פאַר העלדישקייט און — צום סאָף — געפאַלן, ווי אַ נאַר . . .

זיין גענעראַל האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך, מיר איבערגעגעבן די מעדאַלן פון מיין געליבטן, געגעסן צוזאַמען מיט מיר, געטרונקען און פאַרבראַכט . . . מער האָט ער מיך ניט געוואָלט זען און . . . אַזוי גיי איך עס איצט איבער פון האַנט צו האַנט . . .

איר לאַכט פון מיר? איך רעד ניט, ווי שיקער! איך בין באַם קלאָרן פאַרשטאַנד! איך בין אינטעליגענט! איך בין געגאַנגען אין סקול! איך האָב געלערנט! מיין מאַמע האָט געוואָלט פון מיר מאַכן אַ דאָקטאָר . . . איך האָב, אָבער, ליב געהאַט מוזיק. איך קען זינגען. איך זינג מיט נאָטן אויך . . .

ליבסטער מיינער, ליבסטער מיינער,
שטענדיק זיץ איך און טראַכט,
ווען וועט די זון פאַר מיר שיינען
און פאַרשווינדן ס׳וועט די פינצטערע נאַכט?

העי, דו, טשיפ פאיקער! פארוואס אפלאדירסטו מיר ניט? איך האב געארבעט אין א קאבאריי, האבן מיר יא אלע אפלאדירט . . .

איך קאן ארבעטן. איך האב געארבעט אין א רעסטאראן, האט דער באס מיך ליב געהאט, האט די באלעבאסטע מיך אוועקגעשיקט . . . איך האב אויך געארבעט אלץ בוכהאלטערן אין א שאפ, האט מיך דער פארמאן ליב געהאט. פע! ער איז געווען אן אלטער, מיט א פאר שטעכיקע וואנצעס און . . . אז איך האב זיך ניט געלאזט קושן פון אים, האט ער מיך אוועקגעשיקט . . . איצט בין איך שוין ניט אזוי איבערקלייבעריש. איצט לאז איך זיך שוין . . . קאם־אן! . . . ביזנעס בעפאר פלעזשור! . . .

איך בין איצט, — ווי דער ריכטער, ווי דער דיפלאמאט, ווי ראקעפעלער, ווי פארד! אויב האנדל, איז האנדל! קאם־אן, באיעס!

ראוו, באנקיר, גאלעך, — קעגן אייך בין איך אויך א מאלעך! . . . איר זייט מיינע שטארקע קאנקורענטן, כא־כא־כא! . . . קומט, פארמעסט זיך מיט מיר דא, אף דער גאס! . . . אך, א בלוטיקער שפאס! . . .

ניט פריידיגט פאר מיר מער
אין קלויסטערס און שולן.
אייערע רייד פאר מיך קלינגען,
ווי א הונט וואלט געבולן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איר האט מיר ארומגערינגלט און אמוזירט זיך מיט מיינע רייד. איך בין געווארן א פארוויילונג פאר דער שמוציקער געזעלשאפט. איינער פארווײַלט זיך מיט מיין קערפער, א צווייטער — מיט מיין פלוידעריי.

איך אבער פלוידער ניט. עס רעדט ארויס פון מיר א צעווייטיקט הארץ, אף וועלכע איך פארגיס מיט שנאפס די וואונד, ווי מיט איאדאין אף א שניט אין פלייש . . .

איך בין ניט די גאסן־פרוי — נאר איר, איר, וועלכע האלט די גאס פאר דער פרוי . . . דעם אלפאנז אין דער געזעלשאפט . . .

פון אלפאנז ביז דעם גאס־סטראפטשע זיינען אלע שותפים אינם געשעפט, אלע ציען כאיונע פון מיינע אדערן . . .

איך וויל ווערן א מענטש מיט מענטשן גלייך, גיט מען מיר אלע מאל איבער די הענט! . . .

איר לאכט פון מיר, איר גלויבט מיר ניט? טפו אף אייך — פאס־קודנע מענטשן! . . .

# עקסטרע!... עקסטרע!...

— וואָס? . . . איך זאָל אייך זאָגן, וואָס די עקסטרע איז? אַ שיינע מאַיסע, כ'לעבן! . . . דאַן וואָלט דאָך שוין געווען אויס עקס־טרע! . . . די צייטונג וואָלט דאָך שוין דאַן ניט ווערט געווען קיין פּעני אַפילע! . . . וואָרים איך שריי דאָך עקסטרע, קעדיי מען זאָל מיינען, אַז ס'איז טאַקע עפּעס עקסטרע . . . לויפט מען דאַן עקסטרע אַרונטער און מ'קויפט עקסטרע . . . איר פאַרשטייט? איך לויף אַזוי מיט די צייטונגען, ווייל איך וויל זיי גיך פאַרקויפן . . .

איך פאַרקויף צייטונגען נאָר אינדערפרי. נאָך דינער פּוץ איך שוין שיך . . . אַז איך פּוץ אָפּ אַ שוך — קען מען זיך שפּיגלען אין דעם. אין אָוונט, זעט איר, פאַרקויף איך שוין קענדי אין אַ טעאַ־טער . . . איך האָב טאַקע דריי דזשאָבס, אָבער מיין פּאָפּע — האָט גאָר ניט . . .

איך ווייס ניט, ווי אַזוי דאָס איז. מ'האָט מיר געזאָגט, אַז אַ סאָך מיליאָנערן זיינען פריער געווען צייטונגס־פאַרקויפער, אָדער שיך־פּוצער און דערפאַר האָבן זיי זיך אַרויפגעאַרבעט . . . נו, און איך . . . איך פאַרקויף אַלע טאָג הונדערט פּייפּערס. האָב איך דערפון קאָם פופציק סענט פּראָפיט. נו, און פון פּוצן שיך מאַך איך אויך — אויב ס'איז אַ שיינער טאָג — פופציק סענט. ווידער פון פאַרקויפן די קענדי אין טעאַטער מאַך איך עפּשער אַ קוואָדער . . . הייסט דאָס, אַז איך פאַרדין אַרום און אַרום צוזאַמען עפּשער אַ דאָלער מיט אַ קוואָדער אַ טאָג . . . און אַזוי ווי איך אַרבעט זיבן טעג אַ וואָך, מיינט דאָס עפּשער אַרום אַכט דאָלער מיט 75 סענט . . . הייסט עס, אַז אין אַ יאָר צייט וועל איך מיר האָבן קיילעכדיקע פיר הונדערט מיט פינף און פופציק דאָלער . . . אין צען יאָר, — וועל איך שוין האָבן שפּיציקע פיר טויזנט פינף הונדערט און פופציק דאָלער . . . און אין הונדערט יאָר, — לאַנגע פינף און פערציק טויזנט מיט פינף הונדערט דאָלער . . . דאָס הייסט, ווען איך זאָל דורך דער צייט גאָרניט אויסגעבן פון דעם . . .

דאָס קומט אָבער אַלץ ניט צו קיין מיליאָנען! . . . הײַנט ווי

אזוי? . . . זאָל עפּשער זיין, אַז ראָקנפעלער איז געווען אַזאַ שנעלער שיך־פּוצער? . . .

דערפאַר טאַקע, ווייזט אויס, וויל מיין טאַטע, אַז איך זאָל בעסער פּוצן שיך, איידער פאַרקויפן צייטונגען . . . ער זאָגט, אַז מיט די צייטונגען מאַך איך יענעם בלויז אַ בלאָטע אין קאָפּ, אָבער מיט פּוצן שיך — נעם איך די בלאָטע אַרונטער . . .

היינט גיי ווער אַ מיליאָנער! . . . אַלע טאָג, איידער איך קום נאָר אַריין אין הויז, פרעגט מיך שוין די מאַמע: וויפיל האָסטו היינט פאַרדינט? דער טאַטע פרעגט מיך שוין גאָרניט. ער הייסט מיך גלייך גיין אָפּצאָלן די בילס — אין גראָסערי, אין בוטשער סטאָר, אין לאָנדרי, און אויך ניט פאַרגעסן אים אַרויפצוברענגען אַ פּעקל סיגאַרעטס . . .

זע נאָר! איך האָב זיך גאָר אַוועקגעשטעלט, ווי איך וואָלט געווען עפּעס אַ טרעפיק פּאָליסמאַן! . . .

עקסטרע! עקסטרע! עקסטרע! זאָל איך אַזוי ניט וויסן פון זיי, ווי איך ווייס ניט אין וואָס עס באַשטייט די עקסטרע! . . . ס'איז דען היינט געדרוקט אַ גרעסערער ליגן, ווי נעכטן? . . . יעדער טאָג — איין גרויסער בלאָף! . . . ער לויפט, ווי אַ ראָמאַן. אַלע טאָג: פאַרזעצונג פאָלגט . . .

איך האָב זיי פיינט, די צייטונגען. איך לייען זיי ניט. אַ קוק כאַפּ איך בלויז אין מיין טאַטנס פּייפּער, דער פּייפּער, וואָס שרייבט פאַר די אָרימע, פאַר די אַרבעטער . . .

זיי, די רייכע, מעגן זיך לייענען די פּייפּערס! ווארים, ווען אַ מענטש האָט שוין פולע קעשענעס, מעג אים אויך זיין פּוסט אין קאָפּ! . . .

צי איך וואָלט געוואָלט זיין רייך? פאַרוואָס ניט?! ווי אַזוי ווערט מען אָבער רייך? . . . אַז קיין ירושע דערוואַרט איך ניט . . . אָנשטאָט אַ באַנק־ביכל וועט דער טאַטע מיר אַוועק איבערלאָזן אַ גראָסערי־ביכל פול מיט בויוועס . . . מיינע געשעפטן זיינען טאַקע גלענצענד . . . ווען איך פּוץ שיך . . . און קיין אַרבעטער, וואָס זאָלן אַרבעטן פאַר מיר האָב איך ניט . . . בלויז דער מאָגן אַרבעט פאַר מיר . . . נו, און פון אים קיין פּראָפיט קאָן איך שוין ניט האָבן . . . היינט, ווי קאָן איך שוין זיין רייך? . . .

זעט איר, ווען איך וועל עלטער ווערן, וועל איך זיך לערנען אַ

פאַר. אַ פאַר — וואו עס אַרבעטן די מיליאָנען מענטשן און נים וואו די פיר הונדערט . . . און אויב איך וועל — ווי מיין טאַטע — ניט האָבן קיין אַרבעט, וועל איך זיך ערשט דאַן אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט און . . . אַרבעטן אַזויפיל פאַר די, וואָס זוכן אַרבעט, ביז אַלע אַרבעטער וועלן שרייען: עקסטרע! עקסטרע! מיר האָבן שוין אַרבעט! . . . אַרבעט — ניט אַזאַ, וואו איינער זאָל פאַרדרייען דעם קאָפּ און אויסשטעלן אַ פּוס, אַז אַ צווייטער זאָל פאַר אים ליגן אויף די קני און פּוצן זיינע שיך. ניין! אַרבעט — וואו אַלע זאָלן זיצן גלייך, שטיין גלייך און לעבן גלייך! מיט איין וואָרט — אַ גלייכע וועלט פאַר אַלעמען! . . . וואָס זאָגט איר, בין איך ניט גע-רעכט? ! . . . .

עקסטרע! . . . עקסטרע! . . . עקסטרע! . . . עקסטרע! . . .

# דער „ביזי״־מענטש

כאָווער זאַקהיים איז שטענדיק ביזי. ער האָט ניט קיין צייט. ער זאָגט אייך „גוט־מאָרגן״ און באַם ענטפערן אים „גוט־יאָר״ שטייט ער שוין מיט אַ צווייטן . . .

ער האָט ניט קיין צייט. ווען ער גייט אין גאַס, איז ער אַלע מאָל אינדערמיט, — צווישן די לויפנדיקע מאַשינען. דער טרעפיק פּאָליסמאַן, זאָגט זאַקהיים, האָט צייט צו שטיין, אָבער ער — מוז לויפן.

ער געהערט צו אַ געזאַנגס־גרופּע. קומט צו אַלע פּראָבן, לויפט אַריין אָן אָן אָטעם, זינגט אָן אָן אָטעם, נאָר . . . אַז ס׳קומט צו אַן אויפטריט, — איז זאַקהיים ניטאָ. ער איז דעמאָלט גאָר באַ אַ פּראָבע פון אַ דראַמאַטישער גרופּע.

אין דער דראַמאַטישער גרופּע איז ער זייער פאַרנומען. ער ברענגט זיי מאַטעריאַל. ער מענעדזשט. ער לויפט. ווען עס קומט אָבער צום שפּילן — איז זאַקהיים ניטאָ. ער האָט ניט קיין צייט. ער איז פאַרנומען באַ אַ וויכטיקער קאָנפערענץ.

באַ דער קאָנפערענץ האָט זאַקהיים וואָס פאָרצושלאָגן. ער נעמט אַ וואָרט, רעדט זייער שיין, מאַכט פּראַקטישע פאָרשלאָגן, נאָר . . . אַ באַריכט צו דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אים געשיקט, קען כאָווער זאַקהיים ניט אָפּגעבן. ער איז ווידער פאַרנומען. ער האָט ניט קיין צייט. ער האָט אויף דעם אָוונט געהאַט אַ „דעיט״ מיט זיין מיידל. ער האָט זי שוין לאַנג ניט געזען. פאַר דעם אָוונט האָט ער זיך ספּעציעל אויסגעפּוצט. גענומען אַ „שייוו״, אָנגעטאָן אַ ריין העמד, אויסגעפּרעסט די הויזן, אָבער מיט דער מיידל האָט ער זיך ניט געטראָפן. אָפן וועג צו איר איז אים פּונקט איינגעפאַלן אַ געדאַנק: אַ טעמע פאַר אַ ניי ליד. כאָווער זאַקהיים, דאַרפט איר וויסן, שרייבט אויך לידער . . . ער איז אַריין אין אַ רעסטאָראַן און אָנגעשריבן גאַנצע 28 פערזן. דאָס מיידל האָט ער שוין פאַרשפּעטיקט, און דאָס ליד סיי ווי ניט פאַרענדיקט. ער האָט ניט קיין צייט — צו מאַכן אַ סאָף פונם ליד . . .

כאַווער זאַקהיים איז אויך אַ מיטגליד אין אַ פּראָטערנאַלער אָרגאַ־ניזאַציע. ער נעמט אָן אין קאָמיטעס: צו באַזוכן קראַנקע, צו אַראַנזשירן לעקציעס, צו טראָגן די פאָן בײַ אַ דעמאָנסטראַציע, אָבער . . . ער איז פאַרנומען מיט אַנדערע אַרבעט.

אַז מ'פרעגט אים, פאַרוואָס ער האָט אָנגענומען און נים „אַטענ־דעט", ענטפערט ער:

— איך האָב ניט אָנגענומען. איך בין נאָר געווען פאַרנומען און ניט געהאַט קיין צייט צו זאָגן, אַז איך נעם ניט אָן . . .

כאַווער זאַקהיים נעמט בערג מיט ליפלעטס צו פאַרשפּרייטן. בײַ אים אין הויז ליגן פּעקלעך אויף פּעקלעך. ער האָט אָבער ניט קיין צייט אַרויסצוגיין מיט זיי איבער דער גאַס, ווייל ער איז פאַרנומען. ער דאַרף גיין נעמען אַ נײַ פּעקל ליפלעטס צו פאַרשפּרייטן . . .

אין שאַפּ קריגט ער זיך מיט אַלע אַרבעטער, פאַרוואָס זיי גייען ניט צו קיין מיטינגען. „ווען", טײַנעט ער, — „מיר אַלע זאָלן קומען באַצייטנס צו די מיטינגען, וואָלטן מיר דאָך געקענט דורכפירן די בעסטע זאַכן — פאַר די אינטערעסן פון די אַרבעטער" . . .

זאַקהיים אַליין קומט אָבער אַלע מאָל נאָכן מיטינג. ער האָט ניט געהאַט קיין צייט. ער איז געשטאַנען אין מאַרקעט און אַרגומענטירט, ווי וויכטיק ס'איז, אַז אַלע זאָלן גיין צו די מיטינגען . . .

ווען מ'גיט אים אַ מאָל אַ פּאַק פאַרן קאָלנער און מ'פרעגט אים:

— הער נאָר, „ביזי"־מענטש, אַלץ נעמסטו אָן און קיין זאַך „אַטענדסטו" ניט, וואָס פאַר אַן אַרבעט איז דאָס?

—איך וואָלט אײַך געענטפערט, — גיט זיך זאַקהיים אַ דריי אויס, — נאָר איר ווייסט דאָך: כ'האָב ניט קיין צייט! . . .

# ער מוז נעבעך קרייגקען!...

מיין לאַנדסמאַן מוישע־בער איז גרויס און שטאַרק, ווי אַ לייב. דאָך טרעפט איר אים שטענדיק ליגנדיק אין בעט, אָדער גלאַט אַזוי זיצנדיק אין הויז מיט אַ זויער פּנים און קרעכצט, ווי אַ שלעכטע ראַדיאָ . . .

מוישע־בער איז אַריבער די זעכציקער. ער איז שוין „אַ רעטאַיערד־מען". ער לעבט פון גרייטן. ס'הייסט: וואָס אַנדערע גרייטן פאַר אים אָן . . .

אין די אינגערע יאָרן האָט ער זיך באַזאָרגט מיט אַ „דיסאַבּיליטי" פּאָליסי. דאָס מיינט, ווען מ'האָט שוין ניט קיין קויעך צו אַרבעטן, זאָל די פּאָליסי זיין דער רעגן־שירים פאַרן רעגנדיקן טאָג . . .

דערפאַר איז טאַקע מיין לאַנדסמאַן, מוישע־בער געווען אויסער זיך פון פרייד, ווען דער דאָקטאָר האָט אים אָנגעזאָגט, אַז זיין האַרץ איז ניט מיט אַלעמען . . . יענעם טאָג איז מוישע־בער אַרומגעגאַנגען מיט אַ האַרץ, וואָס איז געווען אָנגעפּילט מיט פרייד. צו זיינע נאָענטע האָט ער זיך געגרויסט:

— דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז איצט וועל איך קענען רואיק זיצן און מאַכן אַ לעבן . . .

פון יעדן טשעק, וואָס ער האָט דערהאַלטן, איז אים צוגעקומען אַ שטיק געזונט . . . עס האָט אים נאָר אַביסל געקרייגקט, וואָס דער טשעק איז צו קליין און ער מוז זיין זייער שפּאָרעוודיק מיט די פּאָר גראָשן צו קענען דורכשטופּן די וואָך. דערצו נאָך, וואָס לויט דער פּאָליסי מוז ער זיך שטענדיק געפינען אין הויז און טאָר ניט אַרומגיין, אַזוי ווי ער איז געוואוינט געווען; צו זיצן און שפּילן אַ פינאָקל מיט די לאַנדסלייט אין אַ וויין־קעלער . . .

דערפאַר איז אָבער מוישע־בער דערפרייט געוואָרן, ווען אַ שטיק סילינג איז אים געפאַלן אין קאָפּ אַריין. ער האָט אין דעם דערזען אַ וועג, וואו ער קען קריגן פון דער אינשורענס־קאָמפּאַני עטלעכע דאָלער. מער אָבער פונעם קלאַפּ האָט אים געקרייגקט, וואָס — קעדיי

צו קריגן עפּעס געלט — מוז ער ליגן אין בעט מיט אַ פאַרבאַנדאַ־זשירטן קאָפּ . . .

דאָס האָט שוין באַ מוישע־בערן ארויסגערופן אַ קרעכץ. ניט גענוג, וואָס ער דאַרף ליגן גאַנצענע טעג אין הויז, — מוז ער איצט נאָך דערצו אויך ליגן אין בעט און מיט אַ גרויסן האַנטוך ארום קאָפּ . . .

אַז מוישע־בער איז אַזוי אָפּגעלעגן עטלעכע וואָכן אין בעט און איינמאָל דערזען אין אַ בריוו דעם ביל פון זיין לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט באַטראָפן ארום אַ צענערל, האָט ער אַ טראַכט געטאָן באַ זיך: אויב שוין יאָ ליגן, — פאַרוואָס ניט מעלדן דעם האָספּיטאַלער פון דער סאָסייטי און קאָלעקטן קראַנקן־בענעפיט? . . .

שרייבט אַוועק מוישע־בער אַ בריוו און מעלדעט זיין סאָסייטי, אַז ער איז געפערלעך קראַנק און אַז מ'זאָל שיקן קאָמיטעס אים באַזוכן . . .

מוישע־בער האָט אָבער געוואוסט דאָס געזעץ פון דער סאָסייטי, אַז קראַנקען־בענעפיט קען מען נאָר קריגן, ווען מ'האָט פיבער. און פיבער קריגט ער אַלע מאָל, ווען ער נעמט זיך קריגן מיט דער ווייב . . . דער סאָף איז געווען, אַז פאַר יעדע זאַך האָט מוישע־בער טאַקע פאַרפירט אַ קריג מיט זיין ווייב און דער פיבער איז געשטיגן, ווי אָף הייוון . . .

אָבער גאָרניט גוט האָט דער גרויסער מוישע־בער געפילט, ווען דער דאָקטאָר האָט אים אונטערזוכט און געמאָלדן, אַז ער פילט זייער אַ הויכע טעמפּעראַטור און מ'מוז גלייך אים, מוישע־בערן, שטעלן באַנקעס, איינגעבן אַ פלאַש ריצין־אויל און — די הויפּט זאַך — טאַקע גלייך אים מאַכן אַ קליסטיר . . .

מוישע־בער האָט גענומען שרייען: ער וויל ניט! ער איז שוין געזונט! דער דאָקטאָר אָבער האָט דערקלערט, אַז דאָס רעדט ער אַזוי פון היץ און דערפאַר טאַקע מוז מען זען וואָס גיכער אָטענדן צו אים און אים ראַטעווען . . .

אַז מוישע־בער איז צו זיך געקומען נאָך דער אַטאַקע פון — דאָקטאָר, איז ער געלעגן מיט פאַרריסענע אויגן צום הימל און גע־קרעכצט:

גענוג שווער איז דאָך שוין, ווען מ'מוז שטענדיק זיין אין הויז, נאָך מער ביטער אָבער איז, אַז מ'מוז נאָך דערצו ליגן אין בעט, נאָר

פּאַסקודנע איז שוין צו האָבן פיבער און ריידן פון היץ . . . אָבער קיין ערגערע שטראָף, ווי קריינקען געזונטערהייט איז פאַרט ניטאָ . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב איינמאָל געטראָפן מיין לאַנדסמאַן אין בעט און אים אַ פרעג געטאָן: נו, וואָס מאַכט איר, מוישע־בער? האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ זויער פּאָנים: צאָרעס, ברודערל! מ'מוז קריינקען, — צו קענען לעבן אויף דער וועלט! . . .

# רייזן ביכער

א איד, אן אַלערייטניק, וואָס האָט ליב געהאַט צו סקריפּען ביליגע דזשעז־לידלעך אַף א פידל, האָט זיך אָפּט באַקלאָגט אַף איינעם פון זיינע שכיינים — א באַרימטן פידל־שפּילער פון קלאַסישער מוזיק:

— וואָס סקריפּעט ער מיר? — האָט דער אַלערייטניק געטיינעט צו די שכיינים, — אַז ניט וויל אים דען ווער הערן? איך וועל אַריינגיין אים זאָגן, — האָט ער געהאַלטן אין איין סטראַשן, — אויב ער וויל זיך דראַפּן אַף די סטרונעס מיט די קאַלעמוטנע נאָטן, זאָל ער אַוועקפאָרן אין א וואַלד. אָבער דאָ זאָל ער צו־רו לאָזן די מענטשן. איך האָב שוין א קאָפּ־ווייטאָק פון אים. עס גרילצט מיר אין מויעך זיין מוזיק...

איין טאָג האָט באַ דעם אַלערייטניק געפּלאַצט דאָס געדולד און ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר פון דעם מוזיקער:

— מערדער! — האָט ער זיך צעשריען, — וואָס מאַטערט איר מענטשן מיט אייער שפּילן? ווער וויל אייך הערן מיט אייערע קלאַסיקער און קונסט? דזשעז, א שטיקעלע דזשעז, אָט־דאָס גיט! טאָמער ניט, קאָנט איר מיך אַמאָל אַריינברייינגען אין קאַאָס, אַז איך זאָל אייער פידל צעפּיצלען אַף א מיליאָן פּיצלעך! ווער דאַרף אייער שפּילן?

דעם קינסטלער׳ס פרוי איז צוגעלאָפן, האַלטנדיק א בוך נאָטן אין האַנט, און אים פּרובירט באַרוהיקן.

דער אַלערייטניק האָט זיך אַלץ געקאָכט:

— איז דען א וואונדער, וואָס עס איז אויסגעגאָסן אַזאַ טרויער באַ אייך אין הויז. אַז איר לעבט מיט אַזאַ שלים־מאַזל א מאַן?!... שטעלט זיך פאָר: ווען ער שפּילט בעסער דזשעז מיט זיינע פינגער, וואָלט איר דאָך אין גאָלד געגאַנגען!...

די פרוי האָט מיט אירע פאַרכאַלעמטע אויגן דורכגעדרונגען דאָס פּוסטע פאַס פון דעם אַלערייטניק׳ס קאָפּ. זי האָט איינגעצאַמט איר קאַאָס אין זיך און דאַן זיך געווענדעט צו אים:

— מיר זיינען ניט פון די מענטשן ,וועלכע קריגן זיך מיט שכיינים.

איך וויל בעסער אייך דערציילן א מאַיסעלע, וואָס איך האָב זיך צוגעהערט. וועגן ביכער אין א לייבערערי־שראַנק, וואָס האָבן זיך געקריגט. און דאָס באַווייזט נאָכאַמאָל, אַז ס׳איז בעסער, ווען מ׳קריגט זיך נים.

דער אַלערייטניק איז געבליבן שטיין געפּלעפּט און די פרוי האָט גענומען דערציילן:

—אַף איין פּאָליצע אין ביכער־שראַנק זיינען געשטאַנען פאַר־שידענע ביכער, — ליטעראַרישע און שונד־ביכער. ביכער מיט פּאָעזיע, ביכער מיט מוזיק, וויסנשאַפט־ביכער, אַנטאָלאָגיעס און אויך ביכער מיט שונד, מיט נאַרישע ראָמאַנען און גלאַט גראַפעמאַנישע ביכער. עס זיינען אויך געווען ביכער, וואָס האָבן זיך געריסן פאַרן אויג מיטן גאָלדענעם רוקן, מיט זיידענע טאָוועלן, און מאַנכע האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל מיט זייער גרעב, מיט זייער פאַרנעם אַף דער פּאָליצע . . . אַנדערע ווידער זיינען געשטאַנען מיט אָפּגעריסענע שפּיצן, מיט נאָ־קעטע רוקנס און גלאַט אָפּגעריסן . . .

איין מאָל איז די ענציקלאָפּעדיע געווען זייער פאַרנומען. זי האָט געהאַט א סאַך אַרבעט. עמיצער האָט געוואָלט וויסן איין זאַך, אַנדערע — א צווייטע זאַך. האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַריין און אַרויס . . . לעבן איר איז געשטאַנען א פאַרפּוצטע נאַרישע ביבל מיט א זיידן העמדל אַף זיך און זיך צעשריען:

—העי נאָר, ענציקלאָפּעדיע, העי זיך אויף אַרומצודרייען און אַלע וויילע מיר א ריס טאָן אין דער זייט! דיך אַרט נים, דו ביזט אָפּגעריסן, אָבער איך . . . איך טראָג א טייער קלייד אַף זיך . . .

דאָס שונד בוך האָט גענומען אַרויסהעלפן דער ביבל:

— זע נאָר ווי זי מאַכט עס דעם אָנשטעל, די טרוקענע ענציקלאָ־פּעדיע! זי מיינט טאַקע, אַז די גאַנצע וועלט שטייט אַף איר! איך קען דיר באַווייזן, — האָט דאָס שונד־בוך גענומען קאַקעטירן, — אַז מיך לייענט מען מער פון דיר און אַז איך דערגרייך א סאַך ווייטער פון דיר אין די הויכע פענצטער.

— איך וועל דיר זאָגן דעם עמעס, — האָט זיך א שונד־ראָמאַן צעלאָזן, — מיר האָבן אַזא שלים־מאַזל מיט אַזעלכע פּראָסטע טאָוולען און אָפּגעריסענע זייטן גאָרניט געדאַרפט אַריינלאָזן צווישן אונז . . . רעספּעקט פאַר אונז, די מיט גאָלד באַצירטע רוקנס! אָפּגעריסענער, ליג זיך דיר איינגעלייגט אין דיין ווינקל!

אין די רייד איז פון א בוך ארויסגעשפּרינגען אן אפאריזם און זיך צעלאזן מיט זיין שפּיץ־נאדל:

— הערט איר, שונדיסטן! — האט ער זיי גענומען שטעכן, — ס'איז אן אלטער כלל, אז קופּערנע שטערנס זיינען כוצפּעדיק, גלאנצן שטענדיק און שטופּן זיך פאראויס. אבער א שטערן, וואס טראכט, איז פארטראכט, דיינקט און ווערט אפט צעקנייטשט...

זעט איר, דאס וואס איר ווילט ניט זיין אין שכיינעס מיט אים, — דאס זייט איר געווים גערעכט. בלאטע אונטער זון ליכט טריקנט... און איר מוזט זיך ראטעווען. אויב אייך געפעלט ניט די ענציקלאָפּעדיע — דאן קלייבט איר זיך ארויס פונדאנען!... פ־א־ר־ט!

# זייגער און בלוטזייגער

ווען איר קענט מיין באַס, קענט איר שוין אַלע ערגסטע באַלע־באַטים פון גאָר דער וועלט. אויסזען זעט ער אויס, ווי אַ גוטער שמאַלץ־הערינג — אַ קליין קעפּל און אַ גרויס בייכל. דערצו איז ער אַ שוואַרץ־קינסטלער. ער ווייזט אונז יענע וועלט דריי מאָל אַ טאָג . . .

אַרבעטן בא אים ווינטש איך ניט מיר, ניט אייך, אפילע ניט קיין געוועזענעם פאַרברעכער. אים אָבער ווינטש איך, אַז ער אַליין זאָל נאָך דערלעבן צו אַרבעטן פאַר זיך און פאַרזוכן דעם טעם, וואָס פאַר אַ פּאַסקודנער באַס ער איז.

ווען מ׳האָט בא אים אָרגאַניזירט דעם שאַפּ און ער האָט געסעטלט מיט דער יוניאָן, מ׳זאָל אַרבעטן בא אים אין שאַפּ אַכט שאָ אַ טאָג, האָט ער אָבער גאָר ניט געקענט שאָלעם מאַכן מיט דער צייט . . .

אַלע אינדערפרי, ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין שאַפּ, האָבן מיר געטראָפן דעם שאַפּ־זייגער לויפן אַף 15 מינוט אין פאָראויס. צוועלף אַזייגער מיטאָג־צייט, האָט זיך שוין אונזער שאַפּ־זייגער געשפּעטיגט. אַ פערטל צו איינס ווידער האָט שוין אונזער שאַפּ־זייגער זיך געהאַלטן בא איינס . . . פאַרנאַכט, איז ער שוין ווידער געקראָכן. מיט איין וואָרט, באַם אָנפאַנגען אַרבעטן איז דער זייגער געלאָפן, ווי אַ פייער־וואָגן, און באַם ענדיקן — געקראָכן, ווי אַ לעוואַיע־וואָגן . . .

ווען די אַרבעטער האָבן זיך אָנגעהויבן נעענטער צוקוקן, האָבן זיי אויסגעפונען, אַז אַ גאַנצן טאָג אַרבעט דער באַס אויפן זייגער, רוקט אים אַהין און צוריק, ווי ס׳לוינט זיך בסער . . .

איז דער שאַפּ־קאָמיטעט געקומען צום באַס מיט אַ טיינע, אַז דער זייגער ליידעט עפּעס פון אַ קאָדוכעס . . . האָט דער באַס זיך אַ ביסל פאַרלוירן און שאַמלענדיק פאַרענטפערט — דעם זייגער.

— אַ זייגער, — האָט ער גענומען איינטיינען, — איז געגליכן צו אַ מענטשן. אינדערפרי, פילט ער זיך פריש, ערשט אָנגעצויגן, לויפט ער. ווען ער אַרבעט אַפּ עטלעכע שאָ, ווערט ער פאַרמאַטערט, — קריכט ער, ציט מען אים ווידער אָן, צעלאָזט ער זיך ווידער, ווערט

ער ווידער פאַרמאַטערט, איז ווידער דאָס אייגענע — נעמט ער זיך צייט . . .

אַט אַזוי האָט ער אָפּגעפּאַטערט דעם שאַפּ־קאָמיטעט און זיך ווי־דער געטאָן זיינס.

דער שאַפּ־קאָמיטעט האָט אָבער געפונען אַ מיטל און גענומען לערנען דעם באָס — ווי צו זיין אַ מענטש . . .

אין עטלעכע טעג אַרום, איז דער באָס צוגעלאָפן מיט אַ געוואַלד צו די מאַשינען און זיך צעשריען:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר, וואָס אין דעם ערשטן האַלב־טאָג קריג איך אַרויס צוויי מאָל אַזויפיל אַרבעט, ווי נאָכמי־טאָג? וואָס איז דאָ, וואָס?

— איך וועל אייך זאָגן, — האָט איינער פון די אַרבעטער זיך געמאַכט טאַמעוואַטע און געענטפערט פאַר אַלעמען, — אַ מענטש, איז ווי אַ זייגער: אינדערפרי איז ער פריש, זאַט, אויסגערוט, — יאָגט ער זיך, ווען ער אַרבעט אָבער אָפּ עטלעכע שאָ, ווערט ער מיד, פאַרמאַטערט, קריכט ער, נעמט ער זיך צייט . . . איר פאַרשטייט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון דאַן אָן האָט ער זיך מער ניט צוגערירט צום זייגער. די ווייזערס האָבן פאַר די אַרבעטער געוויזן די צייט . . . און פאַרן באָס — דעם וועג . . .

# אַ איד'ל פון דער סאַוט

איר מעגט זיך זאָגן און טראַכטן וועגן מיר, וואָס איר ווילט, אָבער איך קלייב מיר איבער מיינע פריינט, — אַ איד מיט אַ שאַכער איז קיין שידעך ניט! אַ איד — איז אַ איד, און אַ שוואַרצער — איז אַ שוואַרצער!

אייך געפעלט ניט, ווי איך פיר מיינע ביזנעס? ווערט איר מיט מיר קיין שידעך ניט טאָן! אילכעס־ביזנעס, מיין פריינט, ווערט איר מיך ניט לערנען.

איר זעט מיין באַנק־ביכל? דאָס איז דער בעסטער איידעס. די טאָוועלעך זיינען טאַקע באַ אַלעמען גלייך, אָבער די נומערטשיקעס אינעווייניק — דאַרף מען קאָנען מאַכן . . . און קריגן . . .

ווייסעך וואָס . . . אָפּנאַרן אַ שאַכער איז קיין כעט ניט אפילע באַ גאָט. וואָרים ווען גאָט אַליין וואָלט זיי ניט אָפּגענאַרט, וואָלטן זיי דאָך געהאַט אַ ווייסע הויט אַף זיך, ווי אַלע זיינע קינדער. זעט איר דאָך שוין אַליין, אַז דער ניגער האָט אַ שוואַרץ פּאָנים אפילע באַ גאָט . . .

זייט ניט קיין נאַר. ווי מיינט איר, ווען איך נאַר זיי ניט אָפּ, וואָלט דען זיך ניט געפונען עמיצער אַנדערש? כ'מיין . . . איך טו זיי דאָך גאָר אַ טויבע. ווי זאָגט מיין טאַטע: „מ'לערנט מער פון ווערן אָפּגענאַרט, ווי פון בעסטן רעבן" . . .

אַז פון יעדער זאַך מאַכט איר אַ ווענז! אַ ניגער אָפּגענאַרט?! . . . אַ ניגער געלינטשט?! . . . וואָס דען האָט איר געוואָלט, מ'זאָל לינטשן אַ וויסן? . . . לאָזט מיר אייך זאָגן: ווען מ'זאָל זיי, שאַכוירים, פון צייט צו צייט ניט אַ סטראַשע טאָן און אַביסל טאַקע אַ לינטש טאָן, ווער ווייס וואָס זיי וואָלטן אונז נאָך אָפּגעטאָן? . . .

טאַקע נו: וואו איז די גאַראַנטיע, אַז זיי, די שאַכוירים אַליין, זאָלן ניט אָנפאַנגען צו עפּענען געשעפטן און אָפּנאַרן איינער דעם אַנדערן? . . .

יאָ, ס'איז טאַקע עמעס, אַז אַזוי באַהאַנדלט מען אויך די אידן אין פּוילן, אין דייטשלאַנד, אין רומעניע און אין . . . נו, איז וואָס?

. . . האָב איך זיי אין דר׳ערד! ווי פלעגט זאָגן מיין זיידע? „אַז מ׳דריקט ניט שטאַרק, איז ניטאָ קיין וויין“ . . . און אַ דאַנק טאַטע די פּאַגראָמעלעך, בין איך היינט אַ גראָסערימאַן . . .

וואָרים ווער הייסט דען די אידן זיין אין פּוילן? זאָלן זיי גיין און זוכן ערגעץ אַ לייטעריש פּלאַץ, ווי אין פּוילן! מ׳גייט קיין פּאַ־לעסטינע, קיין אַרגענטינע, קיין אַפריקע, מ׳גייט קיין אַמעריקע, מ׳גייט — וואו ס׳לאָזט זיך . . .

נו, און אַז מ׳דריקט באַ אונדז די שוואַרצע און מ׳לינטשט זיי? זאָלן זיי גיין צו זייער גלייכן! ווער דאַרף זיי דען, דעם „טרעש“? זיי זענען דאָך שמוציקע באַשעפּענישן, זענען זיי! . . . זאָלן זיי פאָרן קיין אַפריקע! . . .

נאָדיר גאָר אַזאַ זאַך: גיי, גיב אים אָפּ אַ רעכענונג, פאַרוואָס אין הויז האַלט איך יאָ אַ שוואַרצע. ווען איך קאָן פאַר דעם זעלבן געלט קריגן אַ ווייסע . . . מענטש איינער, אַזאַ וואָלט דאָך אין מיין הויז ניט געווען . . .

זע נאָר, ווי ער רעכנט עס מיר אויס אַ צעטל: די שוואַרצע וואַשט, זי קאָכט, זי ניאַנטשעט די קינדער און זי פּרעסט די העמ־דער . . ער וועט מיר שוין באַלד זאָגן, אַז איך שלאָף מיט איר אויך . . .

נו, און דערפאַר וואָס איר זאָגט, אַז זי איז אַ מענטש מיט אַלעמען צו גלייך, דאַרף איך שוין, הייסט עס, זיצן מיט איר צוזאַמען אין איין קאַר? דערפאַר דאַרף איך שוין מיט איר עסן באַ איין טיש? דערפאַר טאָר מען זיי שוין אַפילו ניט לינטשן! . . .

אָט־אָט, קוקט זיך נאָר אינמישן איין. זעט נאָר די פּאַסקודסטווע: טאָמער האָב איך איר געגעבן מיט איין פראַנקפורטער וויינער אין די צוויי פונט, איז שוין דריי מאָל — ווי זי האָט דאָס אָוועקגעלייגט אַף דער וואָג און האַלט עס אין איין איבערוועגן . . .

איר מיינט, זי הויבט אָן צו פאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך מיט דער וואָג? אָסער. זאָל איך שטאַרבן אַ טויטער!

איך זאָג אייך: זיי זיינען ערגער, ווי די פּויערים. איר זעט יענעם שאָכער? האָט קיין מוירע ניט, ער וועט ניט אָוועקגיין. ער באָרגט דאָך אָפּן ביכל. נו, זאָל ער וואַרטן! . . .

ס׳אַ קאָמעדיע מיט זיי, זאָג איך אייך. אָט טוט נאָר אַליין אַף טשיקאַוועס אַ קוק, וועט איר לאַכן. איר זעט? אָט האָב איך דאָ,

אפֿן בלעטל, אויפֿגעשריבן זיין אדרעס — 84 פּאַרעסט סטריט. אַ־יאָ? וואָס־זשע טוט גאָט? באָם סאָף וואָך, ווען איך רעכן צוזאַמען זיין ביל, גיב איך איינמיסטן מיר אַזוי אַ רעכן אריין דעם אדרעס אין כויוו אריין, און פֿון 84 פּאַרעסט ווערט באַ מיר 84 סענט, און ער ווייסט אַפּילע ניט פֿון זיינע הענט און פֿיס . . .

איך זאָג אייך, זאָלן מיר אידן אַזוי ניט וויסן פֿון קיין היטלערן, ווי ער, דער שאַכער, הויבט ניט אָן צו וויסן, ווער עס האָט אים גע־שלייערט . . . איצט פֿרעג איך אייך, דאַרף מען אַזעלכענע בעהיימעס ניט לינטשן?

אַזוי גאָר, איך בין אַ ווייסער־שאָוויניסט? און וואָס נאָך וועט איר אויסטראַכטן אָף מיר? . . .

באַ אייך, „פּאָגרעסיווע“, זיינען אַלע גלייך. אַלע זיינען באַ אייך מענטשן. באַ אייך קען אַפּילע אַ פּרוי האָבן דעם זעלביקן קאָפּ, ווי אַ מאַן.

אַ־האַ, אָט־האָט איר. מען זאָל דערמאָנען מאַשיעכן. דערמאָנט אַ פּרוי, — קומט זי אַריין. דאָס איז טאַקע מיין ווייב. זייט באַ־קאַנט . . .

וואָס זאָגסטו? מיט די ניגערס קען איך מיר טאָן וואָס איך וויל. די ווייבער זאָל איך לאָזן צורו? . . . דאָס איז יאָ אַ שיינע געשיכטע.

אויב אַזוי, מוז איך אייך שוין דאָס אויך דערציילן. איר הערט? ווי איר קוקט אָן מיין ווייב, איז שוין דריי מאַנאַטן, ווי זי לערנט זיך שפּילן אַ ראַמי. און מאַכט דאָס אַ מוף — איז גלייך מיט ביידע פֿיס אָף יענער וועלט . . . ס'האָט, זאָג איך אייך, — אַ ניגערשן קאָפּ אָף זיך . . .

איר זעט שוין, ווי דאָס האָט צעעפּנט אַ מויל אָף מיר? אָט אַזוי וואָלט געווען, ווען מ'לאָזט שאַכוירים אָפּ אַ שטיקל צייט פֿון לינטשן. איך זאָג אייך: מ'מוז, מ'מוז זיי פּאַרט אַמאָל אַביסל אַ לינטש טאָן . . .

אַליוואַי גיט מען אויך אַזוי פֿון צייט צו צייט אַ לינטש אַ פּאָר פֿרויען, וואָלטן זיי אויך ניט צעעפּנט אַזוי ברייט זייערע מיילער. נאָר גיי, טו, מאַך. באַ די „סאָוטערנס“ לינטשן אַ שאַכער איז אַ פּלע־זשור. אָבער אָנפּאַנגען זיך מיט אַ פּרוי? קען מען שוין טאַקע דאַ כאַפּן אַ שוואַרצן סאָף . . . איר שפּילט זיך דאָ מיט די דזשענטל־

ליים? פון דער סאָוט? . . .

איר זעט דאָך: נאָכאַלעמען מוז מען זיך פּראָטעקטן. מ'מוז! אַז ניט, האָב איך מוירע, קאָנען מיר, אַזוי צווישן איינס און צוויי, נאָך אַליין צעלינטשט ווערן, און ס'וואָלט געווען שאַ־שטיל, אַז אַ ווינט זאָל אַפילע ניט אַ בלאָז טאָן . . .

וואָס זאָגט איר — איך פלאַפּל און ברייננג שאַנד פאַרן אידישן פאָלק? נאַדיר נו, די „לעקטשורס” האַלטסט פאַר מיין ווייב.

עמעס, איך האָב טאַקע זייער ליב צו רעדן מיט אייך, ווען איך האָב דאָס וואָרט. אָבער אַזוי גיך, ווי איר הויבט מיר נאָר אָן מיט אייער גלייכהייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט, אַזוי פאַרליר איך גלייך דאָס געדולד און וויים ניט, אייך ענטפערן, צי ניט? ! סיי ווי סיי איז איצט ניט די צייט צו שמועסן. איר זעט דאָך אַליין, ווי „ביזי” איך בין. אָט, איר זעט? אָט האָב איך די־אַ שאָכערטע שיר ניט איבערגעגעבן אַ ניקל מער צוליב אייך. גיים־זשע מיר איצט געזונטערהייט און לאָזט מיך שוין בעסער צו רו . . .

# אַ קלאָג פון אַ וואַנץ

אַלע מיינע סוינים זאָלן געבוירן ווערן וואַנצן. ס'איז דאָך געגוג ביטער אַלע אַנדערע באַשעפענישן אַף גאָט'ס וועלט. אָבער קיינעם איז ניט אַזוי שלעכט, ווי אונז, וואַנצן. אַלע וואַרפן זיך מיט אונז. אַלע שעמען זיך מיט אונז. אַלע ווילן פון אונז פּאָטער ווערן. אַלע ווילן אונז פאַרניכטן.

גלויבט מיר, אַז איך שילט דעם טאָג, וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אַ וואַנץ. אויב איר מיינט, אַז איך געפין זיך דאָ אויף וואַקאַציע, מאַכט איר אַ טאָעס. איך ווער אויסגעריסן. איך שלאָף ניט קיין נעכט צו קאָנען האָבן דאָס שטיקל ברויט. היינט ברויט איז דען דאָס? ס'איז דאָך בלוט . . .

נעמט אַפילע די אָרימע פליג, אָדער די מאָסקיטע. דאַכט זיך, מ'האָט דאָך זיי אויך ניט צופיל ליב. פאַר זיי טריפט אויך ניט קיין בלוט פון הימל. דאָך וועט איר זיי טרעפן אין גאַנץ פיינע הייזער און אין גערטנער מיט בלומען. זיי כאַפּן זיך אַמאָל אַרויף אַף אַ זיסן סאָרט, אַ כאַלע, אָדער אַזוי אַ ברויט. זיי קאָנען אַמאָל אַפילע אין דער פיינסטער געזעלשאַפט אויך כאַפּן אַ ביס . . . אַ פּיק טאָן אַ רויטן קאַרק, אַ גריזשע טאָן אַ פעטע ליטקע, אָדער גאָר אַרויפ־קריכן אין סאַמע אויבן אָן פון אַ ליסענע. און פון וואַרעמען זיך אַרום אַ לאָמפּ, ציִ אַ ליכט — איז דאָך אָפּגערעדט. ס'איז עמעס, זיי כאַפּן טאַקע אַמאָל אויך אַ שלעכטן אָפּשניט פון די אַרומיקע. נאָר, — ווי זאָגט מען עס, — אַפילע די האַנט, וואָס גיט אַ פּאַטש, כאַפּט אויך אַמאָל אַ פּאַטש. אָבער צו זיין אין מיין לאַגע — ווינטש איך קיינעם ניט.

אַנומעלטן האָב איך געהאַט אַ דירע פאַר עטלעכע מאָנאַטן צייט אין אַ הויז. — מעגט איר מיר גלויבן, ווי איר זעט מיר אַ וואַנץ, — אַז איך האָב גאָר זיי נאָך געדאַרפט ברייגנען צום עסן. אַזאַ הונגער איז דאָרט געוועזן. שוין אַזאַ מאַזל פאַר אונז וואַנצן, — אַלעמאָל צו ליידן אין די קאַבצאַנישע היימען. דאַכט זיך, אַזאַ גרויסע וועלט, מיט אַזויפיל גוטץ, אָבער פאַר אונז איז ניטאָ קיין שטיקל וואַרים

ווינקל. פון וויגל ביזן גריבל דאַרפן מיר קעמפן פאַר אונזער אָרים שטיקל ברויט — ביז בלוט . . .

היינט דאָס שילטן, באַליידיקן און סטראַשן? . . .

איך זאָג אייך, דאָס גיט מיר ניט קיין רואיקן טאָג. אַט באַגיסט מען אונז. אַט צינדט מען אונז אונטער. אַט נעמט מען אַן אַ ברעקל ראַכמאָנעס און מ׳וואַרפט אונז אַראָפּ פון אַ פינפטן אָדער אַ זעקסטן פּלאַר. אַנדערע גיבן גלאַט אַזוי אַ דריק, ווי זיי וואָלטן געווען די באַלעבאַטים פון דער וועלט. מיט איין וואָרט: — איך ווינטש אייך ניט צו זיין אין אונזער לאַגע!

דערצו די באַליידיגונגען: וואו ערגעץ אַ סקעב, אַ פּאַסקודניאַק, באַטיטלט מען אים מיט אונזער נאָמען — וואַנץ! . . .

מיט אַ צייט צוריק — איך געדיינק שוין בעעמעס ניט ווי אַזוי — צי איך האָב פאַרבלאָנדזשעט, צי מ׳האָט מיך סטאַם אַרויסגעשיקט פון איין הויז אין אַ צווייטן, אָבער אַלנפאַלס, איך בין אַריינגעפאַלן צו אַ מיסעס, ניט פאַר קיין וואַנץ געדאַכט, וואָס איז געווען בלויז הויט און ביינער. יעדער טראָפּן בלוט אירער איז געווען וואַסער. כ׳האָב געמיינט, אַז דאָ וועלן זיך מאַמעש קאָנטשען מיינע יאָרן. דערצו האָט זי נאָך אַ גאַנצע נאַכט געקרעכצט, געאַויקעט און זיך געוואָרפן, אַז מיר האָט אַזש דאָס האַרץ געריסן . . . איך זאָג אייך, ווען זי איז אויסגעגאַנגען, האָט זי פרייער אָפּגעאָטעמט . . . און אַז איך האָב געקוקט אָף איר, בין איך זי מעקאַנע געווען . . .

בלויז איין שטיקל גוטע צייט האָב איך געהאַט אין מיין לעבן. צופעליק האָב איך זיך אַמאָל אַריינגעכאַפּט אין אַן אַלטן בעט. און איידער איך האָב צייט געהאַט זיך אַרויסצוקלייבן פון דעם, האָט מיך אַן אַנטיקן־סויכער אָפּגעקויפט צוזאַמען מיטן בעט . . . פון אָנפאַנג האָב איך אָפילע געמיינט, אַז ס׳האָט מיך גאָר אַ גליק געטראָפן. אינגיכן האָב איך אָבער אויסגעפונען, אַז ער פאַרזעט מיר אינגאַנצן און מיך געלאָזן אָף גאָט׳ס באַראָט. איך זאָג אייך, ווען ניט אַ צופאַל, וואָלט איר מיר שוין איצט ניט אָנגעזען . . .

אין אַ שיינעם טאָג קומט צום סויכער אַריין אַ דאַמע, באַהאַנגען מיט דימענטן און פּערל. אונטער איר מאַרדע — זיינען געווען זעקס טרעפּ. די היפּן, דער בוזים, די אָרעמס און אָרום און אָרום — איז געווען אַזוי זאַפטיק, אַז מיר האָט אַזש געדונען די סלינע פון מויל.

א מיליאָן וואנצן האָבן געקענט האָבן וואָס צו עסן און נאָך לאָזן אירושע פאַר קינדס־קינדער . . .

די דאַמע האָט גענומען ארומזוכן, ארומקריכן, ביז איר אויג איז געפאַלן אויף מיין בעט . . . „אָט דעם אַנטיק“, — זאָגט זי, — „וויל איך האָבן“.

איך דאַרף אייך מיסטאָמע ניט דערציילן, ווי גליקלעך איך האָב זיך דאַן געפילט. ענדלעך, — טראַכט איך בא זיך, — וועל איך כאָטש האָבן אַף די עטלעכע יאָרן אַ שטיקל רואיקע היים, אַ זאַטן מאָלצייט צו עסן און צוריק איינשטעלן מיין בלוט־דרוק . . .

און וואָס זאָל איך אייך דערציילן? ניט אומזיסט זאָגט מען בא די מענטשן: — „דאָס העמד צו פאַרקויפן, אבי אַ גוויר צו זיין“ . . .

גלייך פון דער ערשטער נאַכט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט יענער דאַמע, האָב איך געעפנט מיינע אויגן. איך וועל יענע נאַכט ניט פאַרגעסן מיין גאַנצן לעבן. — איך האָב איר דעמאָלט אויסגעקושט יעדעס גליד . . . זי אַליין האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געוואָרפן אַף אַלע זייטן און יעדעס מאָל מיר געגעבן אַ פרישן פלאַץ . . .

אָבער איר ווייסט דאָך, — אַ שלים־מאַזאַלניק איז ניט באַשערט קיין גוטס. אין פרימאָרגן, זי כאַפּט זיך אויף . . . בין איך געוואָרן פאַר־ציטערט. האָט זי זיך דאָס אַ כאַפּ ארויף געטאָן אַף דער דינסט, האָט זי דאָס פון איר געריסן שטיקער, האָט זי איר גענומען צאַפּן בלוט, — איך זאָג אייך, אַז מיר, וואַנצן, וואָלטן זיך געדאַרפט גיין לערנען בא איר — בא דער מאַדאַם . . .

וואָס איז געווען איר געשריי? הערט נאָר אַף צוקאָוואַשטש:

פאַרוואָס, — שרייט זי צו איר, — האָסטו ניט גוט אויסגעוואַשן די פּאַסקודנע וואַנצן פונם בעט? זיי וועלן מיר דאָך פאַרשטינקען די הויז!

איר פאַרשטייט דאָך, אין אַ פרעמד הויז קען מען ניט האָבן קיין גרויס מויל. אָבער געפילט האָב איך איר אַזוי צו זאָגן:

זידל זיך ניט אַזוי, דו פּאַסקודנע מאַדאַם. ווען מיר, וואַנצן, וואָלטן געהאַט דיינע וואַנעס, דיינע זייפן, דיינע דינסטן, דיינע פּוי־דערס און דיינע פאַרפינעס, וואָלטן מיר געשמעקט אַביסל בעסער פון דיר! . . . אויב מיר זיינען וואַנצן, — איז עס בלויז איבער אייך. אין אַן אַנדער אַטמאָספערע וואָלטן מיר עפּשער געווען פייגעלעך, בינען, אָדער גאָר טייבעלעך. מיר וואָלטן זיכער ניט געדאַרפט זיין

דאָס, וואָס מיר זיינען . . . צוליב אייך הערן און דאַמען, וועלכע פאַרשטינקען די וועלט, מוזן מיר זיין וואַנצן און ליידן . . .

נאָר גיי טו, מאַך, אַז דו געפינסט זיך אין אַ גערדריקטער לאַגע. האָב איך טאַקע געמוזט שווייגן און זי האָט געבאַלעבאַטעוועט. אַ גליק וואָס איך האָב זיך דאַן געראַטעוועט אין אַ שפּאַלט פון אַ טיש . . .

אָבער ווידער די אייגענע מאַיסע. אין אַ צייט שפּעטער דערהער איך מיטאַמאָל גאָר אַ שטאַרקן קלאַפּ איבערן טיש. אַן עמעסער דונער! איך זאָג אייך, איך בין דעמאָלט פון שרעק שיר אַרונטער־געפאַלן אין טיפן, האַריקן קאַרפּעט, און ווער ווייסט וואו איך וואָלט ערגעץ צעטראָטן געוואָרן פון אַ שווערן מענטשלעכן פוס. און דאָ הערט זיך ווידער דער מאַדאַמ׳ס געשריי:

— גיי שוין, — שרייט זי צו דער דינסט, — און רייניק מיר אויס די וואַנצן פון הויז, אָדער פאַרנעם זיך פון דאַנען! . . .

זע איך דאָך שוין, אַז עס האַנדלט זיך צווישן מיר און דער דינסט. איך — הייסט עס, אָדער זי — די אָרימע דינסט.

מיילע, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, איידער די דינסט איז צוגעקומען מיט דעם זודיקן וואַסער, האָב איך ווידער גענומען מיין וואַנדער שטעקן און זיך ווידער געלאָזט גיין איבער דער וועלט.

גאַנצענע טעג האָב איך געגעכטיקט אין אַ פאַלד פון אַ קלייד און דורך די נעכט זיך געשלעפּט אַף ווייטערע וועגן. ביז איך בין ענדלעך אָנגעקומען ערגעץ איז אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין קעלער לעבן דעם סטים־אויוון, דאָרט וואו די אָרימע דינסט שלאָפט.

זעט אויס, אַז צווישן די אָרימע איז פּאָרט פאַראַן מער ראַכמאָנעס. זיי פילן און ווייסן, צו וואָס די נויט קען איינעם טרייבן. און אויב די אָרימע באַקלאָגן זיך אויך אַמאָל אַף אונז, וואַנצן, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס זיי זשאַלעווען אונז כאַלילע דאָס ביסל בלוט, כ׳מיין . . . דאָס ביסל עסן, — פּאָשעט איינפאַך דערפאַר, וואָס זיי אַליין האָבן עס נעבעך אויך ניט. מ׳צאַפּט זיי די בלוט פון אַלע זייטן . . .

דעריבער זאָג איך: אַ קאַבצן זאָל מען בעסער ניט געבוירן ווערן. ספּעציעל ווער שמועסט נאָך אריינצופאַלן אין אַ בלוט־זויגערישע וועלט, וואו מיר, קליינע וואַנצן, זיינען, ווי גאָרניט געגן זיי . . .

האַקלאַל: ווער ס׳איז מיך מעקאַנע, זאָל אַליין זיין אַ וואַנץ! . . .

# רום־אַטיזם . . .

וואָס זאָל איך אייך זאָגן? געזונט זיין זאָלן מיר אַלע, קריינקען אָבער? — דאָס איז נאָר אַ פּלעזשער פאַר רייכע . . . און זיי מעגן קריינקען, זיי האָבן פאַרוואָס . . .

אַט, איר זעט דאָך מיר, קען איך ניט געפינען אַ פּלאַץ, וואו די פּיס אויסציען . . . אַז — וואו נאָר אַ קריינק האָט זיך דאָס אריינגע־כאַפּט אין מיר, פּונקט איך וואָלט זיין אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר עקספּע־רימענטן . . . אַלע דאָקטוירים האָבן מיר שוין געשניטן. אַלע נוירסעס האָבן מיר שוין באַנדאַזשירט און וואו נאָר אַ האָספּיטאָל, אַ סאַנאַטאָריום, אַ קאָנטרי פּלאַץ — בין איך שוין געווען. מיר, הייסט דאָס, איז נאָך גוט, איך האָב אַן אָרדן, לאַנדסלייט, פריינט, שיקט מען מיר פון איין פּלאַץ אין צווייטן. — אַן אַנדערער אַף מיין פּלאַץ — וואָלט שוין געהאַט אַ קאַרשן־בוימל אַפן קייווער . . .

איצט בין איך דאָס געקומען אין מיאַמי, אַ פיין שטיקל גאַן־איידן אַף דער וועלט. ווען אַלע אין ניו־יאָרק כאַפּן אַ ציטער און טראָגן אַלטע קעסטלעך אַף צו דערוואַרימען דעם אויוון. עס זאָל כאָלילע פון אים ניט ווערן קיין אייז־באָקס, באָדט זיך אין מיאַמי די זון מיט איר קיילעכדיק פיגורעלע מוטער־נאַקעט אין דעם קלאָרן יאַם . . .

ווייזט אָבער אויס, אַז דער מאַכער פון דער וועלט האָט זיך אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז איבעראַל האָט ער פאַרמישט און פאַרדרייט. וואָ־רים אין דער אייגענער צייט, וואָס אין ניו־יאָרק הוסט מען, און מ'ניסט, און מ'עסט קאַנדל־צוקער, טראָגט מען אין מיאַמי אַ זון־שירעם און — מ'פּעכערט זיך . . . און אַזוי ווי די וועלט איז צעטיילט אין קאַלט און וואַרים, אַזוי איז די שיינע מיאַמי, וואו ס'שיינט דאַכט זיך איין זון פאַר אַלעמען גלייך, זיינען אָבער די האָטעלן, די גאַסן און די ברעג יאַמען — אויך צעטיילט אַזוי, אַז ווער ס'איז מיר מעקאַנע, זאָל האָבן מיין סיאַטיקע — און פאָרן אין דעם האָטעל, וואו איך שטיי איין . . .

דערפאַר האָט מיר טאַקע מיינער אַ לאַנדסמאַן אַ פרעג געטאָן די ערשטע זאַך, ווען ער האָט מיר באַגעגנט:

„איר קאָנט שווימען אונטערן וואַסער? איר פאַרשטייט, — האָט ער זיך צוגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן (ער האָט אויך סיאַטיקע), — נאָך אייער ווייסע הויט זע איך, אַז איר זייט דאָ נאָך אַ גרינער. ווייל איך אייך אַביסל באַקאַנען מיט אונזער מיאַמי. אונטערן וואַסער, פאַרשטייט איר מיך, איז דער איינציקער פּלאַץ, וואו איר וועט ניט הערן רעדן וועגן רומס, ריל־עסטייט, אַריינמופן, אַרויסמופן, רענט, טעפּלעך, בעטלעך, רומאַטיזם, אַסטמע, סיאַטיקע און — צוריק פון אָנפאַנג אָן" . . . .

ווען מיין לאַנדסמאַן האָט אַזוי גערעדט, האָב איך צו זיך געלאַכט. איך בין שוין גאָרניט קיין גרינער, וואָרים ווי גיך איך האָב דאָ נאָר אַריינגעשטעלט איין פוס מיט אַ האַלבן טשעמאָדאַן אין מיין „האָטעל", האָט אַ מאַן מיר גלייך געפרעגט, אויף וואָס איך לייד, די רענט־ליידי האָט מיר געפרעגט, צי קען איך איר געבן אַ מאָנאַט רענט אין פאָראויס, ווייל זי דאַרף איינצאָלן צום לענדלאָרד פאַר דער הויז, און צוויי פרויען — דאָבן מיר גלייך געמאַכט פאַר זייער אומפּאַרטייאישן טשערמאַן . . .

מיט די ערשטע צוויי פראַגן, בין איך פּאַרטיק געוואָרן איינס־און־צוויי, דעם מאַן האָב איך געזאָגט, אַז איך לייד אויף אַ געפערלעכע קריינק און מ'דאַרף זיך היטן פאַר מיר . . . — איז ער גלייך אַוועק און פאַטער. דער רענט־ליידי ווידער האָב איך געענטפערט מאַיסע ביזנעסמאַן. וואָס טויג דער ריידן פון רענט אין פאָראויס, האָב איך איר געזאָגט, ווען איך האָב נאָך ניט געקראָגן פון מיין ברענטש די רענט פאַרן ערשטן מאָנאַט . . . זעט איר, מיט די פרויען האָב איך שוין ניט אַזוי גרינג אָפּגעשניטן. דעם עמעס געזאָגט, האָט זיך דאָס געהאַנדלט וועגן אַ זייער וויכטיקער פראַגע: צוויי פרויען האָבן זיך געריסן איבער אַ וואַרימען ווינקל אויפן אויוון, פּונקט ווי באַ די קאַב־צאַנים זומער אין די „מאַונטענס", און ווען איינע פון זיי האָט אויף אַ ווײַלע זיך אַוועקגעדרייט, האָט די צווייטע אָפּגערוקט איר טעפּל און פאַרכאַפּט דעם וואַרימען פּלאַץ אויפן אויוון . . . שטייען ביידע פרויען און ברענען איינע אויף די אַנדערע. די פּענימער זיינען צע־פלאַמט, כאָטש פון צייט צו צייט זוכן זיי זיך אָפּצולעשן דורך אַ שפּיי איינע אויף דער אַנדערער . . .

וואָס האָט אַזוי געברענט באַ זיי? איז די מאַיסע אַזוי געוועזן. פאַר דער צייט, וואָס זיי האָבן אָנגעהאַלטן דאָס שטופן די טעפּלעך

אהין און צוריק, האָט איין פרוי געמאַכט א טאָעס און אריינגעוואָרפן איר פערטעלע טשיקן צו דער צווייטער אין דעם קאָמפּאָט אריין . . . האָט איינע געשריען: ווערגט זיך מיט די טשיקן. און די צווייטע — ווערגט זיך מיטן קאָמפּאָט. דער סאָף איז געווען — ס'איז אויסגע־גאַנגען צו מיין קאָפּ . . .

נאָר איידער מ'האָט זיך אָפּגעקילט פונם דינער, איז מען שוין געשטאַנען אַף דער וועראַנדע און זיך ווידער געהיצט וועגן די רומס. וואָרים איין זאַך מוזט איר וויסן. אָפּזאָגן א גאַסט אין מיאַמי, אַז ס'איז ניטאָ קיין רומס — איז פונקט, ווי א באַנק זאָל זאָגן, זי וויל ניט מער דעפּאָזיטס . . . אָדער דער מאַלעך־האַמאָוועס זאָל מעלדן אין די צייטונגען: האַלט זיך אָפּ מיטן שטאַרבן. איך האָב ניט קיין פּלאַץ . . .

זייט איר טאַקע, דערפאַר, אין מיאַמע ניט זיכער, אויב איר האָט געשלאָפן לעצטע נאַכט זאַלבעאַכט, אַז אַף צו מאָרגנס זאָל ניט אויסקומען אייך צו שלאָפן מיט א גאַנצן אָטריאַד און ארומגעקראַנצט מיט א פּאָר טוצן קינדערלעך פון אַכט ביז אַכצן . . . **וואָרים ווער** וועט דאָס וואַגן ניט לאָזן א קינד א קאָפּ אַוועקצולייגן? . . . איז פריי־לעך! . . .

און אויב איר מיינט, אַז באַם שפּאַצירן איז בעסער? האָט איר א טאָעס! גלויבט מיר, ווי דער רומאַטיזם זאָל ניט דרייען, ווי די סיאַטיקע זאָל ניט מאַטערן, איז דאָס ניט אַזאַ שטראָף און ווייטאָק, — ווי דאָס רעדן שטענדיק אַף דער איין־איינציקער טעמע, וואָס שטייט אַלעמאָל אַפן טאָג־אָרדענונג: רום און רומאַטיזם . . . ווי לאַנג האָט איר דאָס? און וואו דרייט דאָס אייך? און ווי גלייכט איר די רום? וועט איר דאָ בלייבן, צי מופט איר אַרויס? מיט איין וואָרט — רום־רום־רום־אַטיזם!

פונדעסטוועגן, ווען איר כאַפּט זיך שוין אַריין צו זיך אין צימער און איר ווילט, וואָס ניט איז אַרויסנעמען פון אייער טשעמאָדאַן, טאָ זייט ניט פויל און קלאַפּט אָן — ווי אין א טיר . . . ווייל ס'קען זייער געמאָלט זיין, אַז דורך דער צייט, וואָס איר זייט אַרויס אַף א שפּאַציר, זאָל האָבן די „רענט־לײדי“ פּאַרדונגען א ווינקעלע אין אייער טשעמאָדאַן . . .

אוואַדע מוזט איר אויך ניט פאַרגעסן א קניפּ צו טאָן א ליטקע אַלע אינדערפרי באַם אַנטאָן זיך, וואָרים עס וועט גאָרניט זיין קיין

וואונדער, אַז דורך אַ טאָעס זאָלט איר אַרויפציען דעם באָד־קאָסטיום אַף אַ פּאָר פרעמדע פּלייצעס און עמיצער אַנדערש זאָל אַף אייערע פיס אַרויפטאָן זיינע זאָקן . . .

און דערשרעקן דאַרף מען זיך אויך ניט, ווען מ'זאָל פּלוצלונג טרעפן אין באָד־צימער איינעם אויסגעצויגן און דאַוונקע אין אַ טרו־קענער וואַנע. זייט זיכער, אַז ער איז ניט קיין דערטרונקענער, דאָס איז — אַ נייער „טענענט" אין האָטעל . . .

פאַר אייך וועט עפּשער זיין אַן איבעראַשונג, אָבער ניט פאַר די פלאָרידער, אַז איינער פון די געסט זאָל קומען דינגען אַ הוק לעבן אַ וואַנט . . . אַזאַ קאָסטימער איז שוין ניט קיין נעבעכיקער, נאָר אַ פּאַראַיאַריקער. ער ווייס שוין די קונץ פון האָבן אַן אייגענעם האָטעל . . . ער ברענגט זיך פון ניויאָרק, צי פון שיקאַגאָ אַ העמעק און — איז באַלעבאָס פאַר זיך . . .

פונדעסטוועגן, שרעקט אייך ניט צו פאַרבלייבן דאָ, אויב איר האָט נאָר מיט וואָס? און איר מוזט ניט דאַווקע האָבן אַ קריינק צו זיין אין פלאָרידע אפילו אַ גאַנצן ווינטער, — אויב איר האָט נאָר געלט? די ענגשאַפט, פאַרשטייט זיך, איז דאָס נאָר פאַר די קאַב־צאַנים, פאַר די אידן מיט די אידענעס, וואָס ברענגען מיט זיך אייגענע סאַינעס, רומאַטיזם, סיאַטיקע, האַרץ־קראַנקהייט, אַסטמע, קאָלדס, נוראַלדזשיע, טי־בי, און וואָס פאַר קריינק האָבן ניט די קאַבצאַנים? . . .

אָבער פאַר די, וואָס קומען זיך אַפּרוען נאָך אַ געט־פּראָצעס, אַף אַ האַני־מון, שפּילן אביסל באַ „פערדלעך" אָדער „הינט־רייסעס" — פאַר זיי, פאַר די רייכע, געזונטע פּוסט־און־פּאַסניקעס איז מיאַמי אַ קאָנטרעלע, אַזאַ יאָר אַף מיר. אַז איר וועט האָבן צייט, וועל איך אייך ווייזן זייערע האָטעלן. איך בין שוין דאָ, ווי מ'זאָגט, ניט קיין גרי־נער . . .

איר הערט, ווען מ'קען דאָס אין מיאַמי זיך צעטיילן מיט די רייכע — גלייך אַף גלייך — מיט די רומס און רומאַטיזם, וואָלט שוין גראַד געווען גענוג פּלאַץ פאַר אַלעמען, און די ווייטאָקן וואָלטן אויך גרינגער געוואָרן . . . אָבער — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי איר זעט, איז מיין לאַנדסמאַן טאַקע גערעכט געווען, אַז מ'מוז זיך נעמען לערנען שווימען אונטערן וואַסער . . . וואָרים, אָט זעט

איר דאַך, ניט ווילנדיק קומט מיר אַרויף די טעמע אַף די ליפּן און איך אַליין ווער אויך — רום־אַטיזירט . . .

נו, מיילע לאָמיר ריידן פון פריילעכע זאכן, ווי פילט איר? איר האַט שוין אַ רום? אויב איר ווילט, קען איך אייך אויסרעכנען אַ ווינקעלע באַ מיר?! . . . מירן שוין צונאַנט קומען! . . .

# אַ קאַלע — יאָ, אַ דזשאַב — ניט...

מיסטער פּ. איז אַן אינטעליגענטער מענטש. נאָך אַמאָל, אין זיין אַלטער היים, האָט ער געלערנט און שטודירט; ער באַזיצט עטלעכע שפּראַכן: אידיש, העברייאיש, רוסיש און ענגליש. דאָ האָט ער זיך אויך אויסגעלערנט די אַרבעט צו זיין אַ טאַיפּיסט, מאַכן איבערזעצונגען.

אָבער ווען ער איז מיט 25 יאָר צוריק געקומען קיין אַמעריקע, האָבן זיינע פריינט זיך אויסגעלאַכט פון זיינע קענטעניש, און ער איז געוואָרן אַ קאַפּנמאַכער.

מיסטער פּ. האָט זיך זיין אַרבעט אין דעם קאַפּן־פאַך גוט אויס־געלערנט, איז געוואָרן אַ גוטער באַל־מעלאָכע. ער האָט אַ לאַנגע צייט געמאַכט אַ לעבן פון אָט־דער אַרבעט, און זיין אינטעליגענץ האָט ער אויסגענוצט אין קולטורעלע קרייזן.

אָבער אין דער צייט פון דעם קריזיס איז מיסטער פּ., צוגלייך מיט מיליאָנען אַנדערע, געוואָרן אַרבעטלאָז, און אַזוי אַרומגעגאַנגען וואָכן און כאָדאָשים.

איין טאָג, זוכנדיק אַרבעט און קוקנדיק אין די אַנאָנסן פון אַ צייטונג, האָט ער באַשלאָסן פּרואוון זיין מאַזל דורך אַן אַנאָנס, ווי געוויסע אַנדערע דזשאַב־זוכער טוען דאָס. ער האָט געזען, אַז צווישן די אַנאָנסן פאַר די, וואָס זוכן אַרבעט, זיינען אויך פאַראַן אַזוינע, וואָס דזשאַב־זוכער אַדווערטייזן, אַז זיי האָבן הענט אָדער מאַרך צו פאַרקויפן. האָט ער באַשלאָסן אַליין אויך צו טאָן דאָס זעלבע.

אָבער אַזוי ווי אַ קאַפּנמאַכער, האָט ער געוואוסט, האָט דורך אַזוינע אַנאָנסן געוויס גאָר אַ קנאַפּן טשאַנס עפּעס צו קריגן, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער קאָן אויך אַנדערע מעלאָכעס, און ער האָט דעריבער אַריינגעגעבן אין איינער פון די אידישלעכע צייטונגען אַזאַ אַדווערטייזמענט:

„יונגערמאַן זוכט אַ שטעלע. קען גוט העברייאיש, אידיש, רוסיש און ענגליש רעדן, שרייבן און אַרבעטן אַף אַלערליי טאַיפּראַיטערס. ענטפערט צו מיסטער פּ., באָקס 13“.

האָט ער דאַווקע גלייך אַף מאָרגן געקראָגן צוויי בריוו מיטאַמאָל. לויפט ער אין איין פּלאַץ און טרעפט דאָרט אַן עלטערע פרוי.

און צו וואָס דאַרף זי אַ מענטשן?

האָט ער גערעכנט, אַז אין אַדרעס מוז זיין עפּעס אַ טאָעס, און ער האָט באַלד געוואָלט גיין צוריק.

האָט זי דאָס אָבער קענטיק פאַרשטאַנען, און זי האָט אים פאַרהאַלטן און אַ פרעג געטאָן, צי איז ער דאָס דער מאַן, וואָס האָט זיך אַדוועטרטייזט, און צי קאָן ער טאַקע העברייאיש?

— יאָ, איך קען, — האָט ער געזאָגט, — אָבער וואָס פאַר אַ דזשאַב קאָן איך בײַ אייך קריגן?

זי האָט אים דערקלערט, אַז זי האָט אַ ברודער אין פּאַלעסטינע, שרייבט ער צו איר בריוו אין העברייאיש, און זי קאָן זיי ניט לייענען און ניט וויסן, וואָס ער מאַכט און וואָס ער וויל. איז זי וויליג צו באַצאָלן דעם מיסטער פּ. אַ קוואָדער פאַר יעדן בריוו, און ווען נאָר זי וועט קריגן אַ בריוו, זאָל ער קומען און דאָס פאַר איר איבערלייענען און אָנשרייבן אַן ענטפער . . .

האָט זיך מיסטער פּ. צעלאַכט מיט אַ ביטער געלעכטער, און ער איז אַוועק אויפן צווייטן פּלאַץ.

דאָרט האָט ער שוין געטראָפן אַ שיינעם אָפיס מיט אַן אויפנאַמצימער.

אַהין איז באַלד אַריינגעקומען אַן עלטערער איד מיט אַ געשווירן בערדל און זיך באַגריסט.

מיסטער פּ. האָט זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט און געפרעגט, וואָס פאַר אַ דזשאַב מען האָט פאַר אים.

האָט דער איד גענומען אויספּרובירן זיין אינטעליגענץ. ער האָט גערעדט אַף ענגליש, אַף אידיש, אַף העברייאיש. גענומען דעם קאָפּנמאַכער אַף אַז עמעסן קרייץ־פאַרהער. געפרעגט, צי האָט ער אַ טאַטן, אַ מאַמען, צי איז ער פאַרהייראַט, צי האָט ער קינדער, און וויפיל קאָן ער פאַרדינען אַ וואָך, ווען ער אַרבעט?

מיסטער פּ. איז געזעסן, ווי אונטער אַ האָגל פון קוילן, און דער איד האָט געשאָסן מיט פראַגן און געזוכט זיך אַלץ אַרויסצואווייזן, אַז ער איז אויך ניט אַבי ווער.

אָבער וואָס איז דער דזשאַב? — איז אַף דעם ניט געווען קיין ענטפער. מר. פּ. האָט גאָר געזען, ווי אינמיטן די פראַגן איז אַריין

אַ מיידל מיט אַ נאַריש פּעניטל און אַ פּאָר גראָב־אָנגעפּאַרבטע ליפּן. ער האָט אויך געזען, אַז פון דעם ערשטן קוק, וואָס זי האָט אַף אים געגעבן, האָט זיך איר פּעניטל פאַרקרימט און די ליפּן זיינען נאָך גרעסער געוואָרן.

האָט שוין מיסטער פּ. פאַרלאָרן זיין געדולד און ער האָט אויס־געזאָגט:

וואָס טויגן אַזוי פיל פראַגן? זאָגט וואָס פאַר אַ דזשאָב האָט איר?

האָט דאָס אידל אַראָפּגעלאָזט דעם נאָז און דאָס בערדל און גע־ענטפערט:

— איך האָב אייך געוואָלט געבן אַ דזשאָב צו סופּאָרטן מיין טאָכ־טער. איך זוך פאַר איר אַ שידעך, אַ באָכער, אַ בען־טוירע. האָב איך געמיינט, לויט אייער אַדווערטייזמענט, אַז איר וועט עפּשער זיין דער פּאַסיקער זיווג. אָבער, ווי איר זעט, האָט שוין די טאָכטער מיינע אַ דריי געטאָן מיטן פּיסקל, און דאָס מיינט, אַז דער דזשאָב איז קיין דזשאָב ניט.

טאַינעט איצט דער מיסטער פּ., שטייענדיק אין מאַרקעט:

— נו, ווי געפעלט עס אייך? שידוכים קאָן מען קריגן, אָבער דזשאָבס — אַ נעכטיקן טאָג . . .

# „אָטאָיזער“

דעם עמעסן נאָמען פון דעם טיפּ, וואָס איך שטעל אייך דאָ פאָר, ווייס איך ניט. אָבער די אַרבעטער רופן אים „אָטאָיזער“. צי ער זוכט אַרבעט, אָדער ניט, איז ער שטענדיק אויף דער בירזשע. ער קען אַלעמען און אַלע קענען אים.

— „אָטאָיזער!“ — גיבן די אַרומיקע אַ ווייז מיטן פינגער, ווען מען דערזעט אים, און אַלע ווייסן שוין, אַז באַלד וועט זיך נעמען שיטן פון זיין מויל זייער ניט קיין געשמאַקע רייד — רייד וועגן אַלץ און אַלעמען.

ליינען לייענט ער גאָרניט, אָבער רעדן — פאַר פייער און פאַר וואַסער.

ער רעדט אידיש, אָבער זיין שפּראַך איז אַ טשאָפּ־סיואי פון אַ דערהאַרגעטן אידיש, אַ צעבראָכענעם ענגליש, און אַזוינע ווערטער, וועלכע איר קאָנט אין קיין דיקשאָנערי ניט געפינען.

ער קאָן אָנפאַנגען אַזוי:

— דו „טיטש“ מיר וויניקער; איך „וויסל“ אויף דיר מיט דיין „קאָנסטיטוציע“, „יוני־שמוני“, איך האָב מיר געמאַכט אַ „ליווינג“ אָן דער יוני אויך.

אָבער ווען „אָטאָיזער“ דערזעט דורכגיין אַ ביזנעס־אַגענט פון דער יוניאָן, גיט ער דוקא אַ שפּאַן פאָראויס, דערלאַנגט דעם ביזנעס־אַגענט אַ קלאַפּ איבערן פּלייצע, אַ רוק אַריין אַ לאַפּע, און אַ זייטיקער קאָן מיינען, אַז דער דאָזיקער מענטש איז גאָר אויסערגעוויינלעך גליקלעך דערפון, וואָס ער האָט זיך באַגעגנט מיט אַ פירער פון דער יוניאָן.

און צום ביזנעס־אַגענט רעדט שוין „אָטאָיזער“ גאָר אַנדערע רייד:

— איך האָב, — זאָגט ער, — טאַקע ערשט דאָ געזאָגט: אַי, אַ לעבן אַף דער יוני. „איף נאַט פאָר די יוני“, וואָלטן מיר אַלע „געסטאַרווט“.

אַזוי שנעל, ווי דער ביזנעס־אַגענט דרייט אויס דעם קאָפּ צום גיין, נוצט שוין „אָטאָיזער“ אַנדערע ווערטער.

און זײַנע רײד זײַנען װעגן אַלץ אין דער װעלט, אַפילו װעגן די סאַמע װיכטיקסטע װעלט־פּראָבלעמען:

— נאַ דיר, נו, גײ „סטאָפּ“ די „װאָר“, — לאַכט ער ציניש. — מיר אַרט אַ סך, אויב אַ ביסל יאָלדן װעלן געהאַרגעט װערן און ס'װעט זײַן מער „דזשאָבס“. דאָס איז די „בעסט װעי“ צו זײַן „טרו“ מיטן קריזיס.

קומט עמיצער צו מיט אַ בראָשור, אָדער מיט אַ זשורנאַל, צעעפנט גלײַך „אַטאַיזער“ זײַן מויל:

— װאָס װילסטו מאַכן פון מיר, — אַ „פּיסכאָלאָג“? דו בעסער ברײנג מיר אַ קריגל װײַן, אַ פלעשעלע בראָנפן, װעסטו זען, װאָס פאַר אַ גוטער קאַסטימער איך בין.

באַגעגנט ער אַ באַקאַנטן (און „אַטאַיזער“ איז מיט אַלעמען באַקאַנט, צי מען װיל אים קענען, צי ניט), גיט ער גלײַך אַ װאָויל־יונגערישן רוף:

גײסט אַרײַן עפּעס אַ זופּ טאָן?

און טאָמער פאַלט עמיצער אַרײַן מיט אים לעבן אַ באַר, איז דער סאָף, אַז ער, „אַטאַיזער“, רעדט און זופּט, און דער צװײטער — מוז שװײַגן און צאָלן. ער װיל ניט אַרײַנפאַלן אין זײַן מויל.

„אַטאַיזער“ האָט כוצפּע. ער פאַלט אַמאָל אַרײַן צו אַ יוניאָן־מיטינג. און װען מ'גיט דאָרט אָפּ אים אַ קוק מיט פאַרװאונדערונג, ענטפערט ער מיט זײַן ציניש געלעכטערל:

— „דאַנוואָרי“, כ'בין געקומען זוכן נאָך אײנעם צו אַ מזומען. ס'פעלט מיר אַ האַנט צו אַ פּויקערל.

פאַר דער צײַט, װאָס ער געפינט זיך באַם מיטינג, דרײט ער מיט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל, און צו יעדן פירער שטופּט ער אַ האַנט. און װען מען דיסקוטירט עפּעס, פילט זיך ניט „אַטאַיזער“ און ער רײַסט זיך אויך צום װאָרט. אײנער, װאָס קאָן אים ניט, קאָן דערבײַ מײנען, אַז אָט װעט ער לײזן אַלע פּראָבלעמען. נאָר אײדער װאָס־װען, איז שוין „אַטאַיזער“ באַם מיטינג נישטאָ, און ער זיצט שוין מיסטאָמע אין אַ שײנקל, אָדער באַ אַ „קערטל“ און לאַכט פון די „יאָלדן“, װאָס דרײען זיך אַ היטל מיט „יוני“ און „קאָנסטיפּוציע“.

װען איר געפינט זיך אין מאַרקעט און איר הערט זאָגן: „אַטאַיזער“, זײַט װיסן, אַז דאָס איז ער. אָבער זײַט פאָרזיכטיק, דערהאַרגעט ניט אײַער גוטע צײַט.

# פֿאַרלאָרן די הויזן

בעני באַנדל, מיט אַ״דעם־אַ צונאָמען האָט מען אים גערופֿן אין שאַפּ און אַף דער בירזשע צווישן די שניידער־אַרבעטער.

אַט דעם נאָמען האָט ער אָפּגעשפּאָרט פֿון יענע צייטן, ווען מ׳האָט נאָך געאַרבעט אין שאַפּ ציל אַרבעט.

בעני פֿלעגט אַריינקומען פֿאַרטאָג אין שאַפּ, די אויגן האַלב פֿאַר־שלאָפֿן, איין שוך צעשפּיליעט, די האָר ניט פֿאַרקעמט. די ערשטע זאַך איז בא אים געווען אַ קוק אונטערן טיש: „ניטאָ קיין באַנד־לעך?“ אַט־דאָס איז געווען זיין גוטמאָרגן.

איז געווען באַנדלעך, פֿלעגט בעני באַלד אַ פֿאַרקאַטשע טאָן די אַרבל, אַרונטערוואַרפֿן די שלייקעס און זיך נעמען שיסן. איז ניט געווען קיין באַנדלעך, פֿלעגט ער גלייך אַרויסכאַפּן אַ טעשל קאָרטן פֿון דער הינטן־קעשענע, און עס האָט זיך בא אים גענומען טאַשן. ער פֿלעגט דערביי שפּאַסיק אויסרופֿן: „פֿרומע אידן, קומט זאָגן אַביסל „טילים“, וועט גאָט געבן באַנדלעך“ . . .

בעני פֿלעגט שטענדיק קריגן „אַ מיניען“ . . . און אַזוי האָט מען שוין אַריינגעזאָגט „טילים“ . . ביז גאָט האָט צוגעשיקט באַנדלעך אין שאַפּ . . . בעני פֿלעגט דערביי גוטמוטיק לאַכן: איר זעט, אַז מ׳זאָגט טילים, העלפֿט גאָט . . .

איצט שטייט בעני באַנדל אַף דער שניידער־בירזשע און רעדט מיט כוויזעק פֿון יענער צייט. ער איז צופֿרידן פֿון דער יוניאָן, באַ־גייסטערט פֿאַר די נייע „איטפּראָוואָומענטס“ אין די שעפּער. אָבער איין זאַך, שפּאַסט ער, פֿאַרדריסט אים: מ׳האָט נאָך ניט אויסגע־פֿונען קיין מאַשינקע, וואָס זאָל אַליין טאַשן קאָרטן.

און פֿון די קאָרטן וויל זיך בעני ניט אָפּזאָגן.

— וואָס זאָל איך טאָן? — טאַינעט ער. — שרייבן און לייענען, — זאָגט ער אַף זיין שפּאַסיקן שטייגער, — האָט מיך מיין טאַטע ניט געלערנט, צו שפּילן שאַך דאַרף מען אַ קאָפּ. נו, שפּיל איך — קאָרטן. אַזוי שנעל, ווי בעני קריגט אַ פֿרייע שאָ, שפּילט ער. צי דאָס איז אין שאַפּ, אין דער יוניאָן, צי אין דער היים, ער טאַשט. טאָמער האָט ער ניט קיין „מיניען“, איז אַ „מעזומען“ אויך גוט.

זיין פאַמיליע איז גרויס; קיין לעבן מאַכט ער נישט. ער גייט אַפּגעריסן און אָפּגעשליסן, אָבער קאָרטן שפּילט ער.

צו איינעם פון אַט־די אַרבעטער, וואָס פּרוּוון אַפּט בעני׳ן אויפ־קלערן, אַז דאָס קאָרטן־שפּילן איז שעדלעך, האָט בעני אויף דעם אַזוי געענטפערט:

— דו זעסט? — האָט ער אָנגעוויזן אַף זיינע צעריסענע הויזן, וואו ס׳האָבן זיך צעעפנט צוויי פענצטער פון הינטן, — איין זייט פאַרשטעק איך מיטן נאָזטיכל, די צווייטע מיט אַ טעשל קאָרטן... ס׳קומט צוניץ!

אָבער ווען בעני האָט איין מאָל דערזען אַ פּאָר „לוּפּטשיקעס“ אַף די קני, וואו ס׳האָבן אַרויסגעקוקט צוויי נאַקעטע אויגעלעך, האָט ער שוין מער נישט געשפּאַסט וועגן זיינע צעריסענע הויזן.

— היינט, — האָט ער אין יענעם טאָג געזאָגט, — מוז איך פון מיינע אַכט דאָלער פּעי אָפּרייסן אַף אַ פּאָר הויזן. אין אַזעלכע טאַכטויִנים, ווי איך האָב, איז שוין „לעבערלעך“ צו קיין אין גאַס...

בעני האָט אָבער זיין וואָרט נישט געהאַלטן. אַזוי שנעל, ווי ער האָט דינסטיק אָוונט דערזען די אַכט דאָלער אַף דער האַנט און אַ פּאַרטיקן מעזומען „טילים־זאָגער“ באַם טיש, האָט בעני גענומען זיך איינצורייִדן: קיין הויזן האָב איך נישט, שיך דאַרף איך, די ווייב גייט נאַקעט, די קינדער אָפּגעריסן. איז יאָ אַכט דאָלער, נישט אַכט דאָלער, לאָמיר אַ פּרוביר טאָן דאָס מאָל...

האָט בעני, מיט אַט־די ווערטער אין זיין געדאַנק, זיך געזעצט „צום טילים“, און —

— דו פּאַסט?

— איך פּאַס! איך פּאַס! — האָט בעני זיך אַ כאַפּ געטאָן און גענומען ציילן, וויפיל קליינגעלט ער האָט נאָך פון זיינע אַכט דאָלער.

ווען בעני באַנדל האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, האָט ער אַ טאַפּ געטאָן די צוויי לעבער אַפן הינטן, באַטראַכט די אויגן אַף די קני, אַריינגעשטופּט די צוויי לאַנגע פינגער אין זיינע לעבערדיקע הויזן־קעשענעס און צו זיך אַליין מיט קאַאַס געזאָגט:

— אַ כאָליערע זאָל דאָס כאַפּן! געוואָלט האָב איך געווינען אַף אַ פּאָר שיך, פאַר דער ווייב אַ קליידל. צום סאָף — פאַרלאָרן אַפּילע מיינע אויסגעפּלאַנטע הויזן...

# האנדלשאפט — ניט ברודערשאפט

(איינאקטער אין צוויי סצענעס)

## פערזאנען:

מוישע גראניט (אן עלטערער ארבעטער, ארום די זעכציקער. טראגט אן אונטערגעשוירן בערדל.)

מיסטער קעין (מוישע גראניטס א לאנדסמאן. א רייכער פאבריקאנט אין די זעכציקער יארן, זעט אויס יונג, פריש, רירעוודיק, מיט א ליסענע אפן קאפ. אין דער אלטער היים האט ער זיך גערופן קאהן.)

הערי הורוויטץ (יונגער ארבעטער אין די דרייסיקער, קעמפעריש געשטימט.)

בעטי (יונגע מיידל, בוכהאלטערן. טוט איר ארבעט אונטער שטרייַנגער דיסציפלין.)

בעסי גודמאן (יוניאן סעקרעטארשע. ליבלעך און גוטמוטיק אין אירע רייד.)

ארבעטער (צוריקגעשטאנענע און אפגעלאזן)

יוניאן־אקטיוויסטן, קליי־קוידעשלייט און נאנעס.

### ע ר ש ט ע  ס צ ע נ ע:

אין אפיס פון מיסטער קעין. א גרויסער טיש, דעסק, טעלעפאָנען, הייַנגער פאר זאכן. אפגעצאמט — א ריי שטולן פאר באזוכער. עס זיצן: מוישע גראניט און הערי הורוויטץ. זיי האלטן צענויפגלייגטע צייטונגען אין די הענט און שמועסן.

מ ו י ש ע  ג ר א נ י ט — איך בין שוין היינט אויף דעם דריטן דזשאב. שאפ ארויף און שאפ אראפ. פארשידענע טירוצים. אבער איין ענטפער — ניטא קיין ארבעט. פאריק וואך בין איך געווען א פייער־לעשער, געקאפן פון איין דזשאב אויף א צווייטן, און צוזאמען האב איך געמאכט אין פינף שעפער — דריי טעג ארבעט. און שפעטער, ווען איך האב געדארפט לויפן פון איין שאפ אין צווייטן צו קריגן די פאר סענט, — האב איך שוין געהאט א פערטן טאג ארבעט. איר וועט מיר גלויבן, (גיט אים א קלאפ מיט דער צייטונג) איך האב שוין אפילו ניט געקענט טרעפן אלע אדרעסן.

ה ע ר י  ה ו ר ו ו י ט ץ: גוט איז פון א כאזער א האר. איך, זעט איר, האב די פארגאנגענע וואך א סענט ניט פארדינט.

דערצו האָט מיך נאָך געקאָסט זעכציק סענט קאַר־פעיר...

מ ו י ש ע  ג ר אַ נ י ט : שלעכט... שלעכט... (זיפצט שטיל)

ה ע ר י  ה ו ר ו ו י ט ץ : ס׳איז קיין וואונדער ניט, וואָס מענטשן ווערן צעבראָכן און ווערן אַלט פאַר דער צייט... עפּעס ווי קיין זאַך אויף דער וועלט וואָלט ניט עקזיסטירט פאַר זיי... שטענדיק שטייט זיי אין אייניציקע פראַגע פאַר די אויגן: — דזשאָב! דזשאָב! (גיט אַ קלאַפּ מיט דער צייטונג זיך אין האַנט) פע, אַ צעפוילטע וועלט!..

מ ו י ש ע  ג ר אַ נ י ט : וואָס זאָל איך שוין זאָגן?... וואו איך קום אריין, — גיט מען מיך אַ מעסט אָפּ און איך פאַרשטיי שוין פון זייער בליק: — „צו אַלט! גרויע האָר!“ (ווייזט אויפן קאָפּ) איר זעט? כאָטש נעם און פאַרב זיך די האָר. אָט, איר זעט? (נעמט צו פון דעם שפּיץ פון בערדל.) אונטערשערן זיך די באָרד... וואָריגווער וועט דאָס צונעמען צו דער ארבעט אַ אידן מיט אַ גרויער באָרד? מיט אַ באָרד קען איך מיסטאָמע קריגן אַ דזשאָב פאַר אַ טעהילים־זאָגער (צעלאַכט זיך), אָבער ניט אין קיין שאָפּ.

ה ע ר י  ה ו ר ו ו י ט ץ : (צעלאַכט זיך) נו, און וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך קען ניט קריגן קיין דזשאָב צוליב מיין אידישע נאָז? אפשר ארונטערנעמען די נאָז?... (טוט זיך שפּאַסיק אַ ריס די נאָז.)

מ ו י ש ע  ג ר אַ נ י ט : איר לאַכט?... מיין מיידל האָט זיך געמוזט אָנגעבן פאַר אַ שיקסע, צו קענען קריגן אַ שטיקל דזשאָב. אָנשטאָט מיריעם, — האָט זי זיך געשמאַדט... אויף מאַרגאַרעט און איז געוואָרן אַן אייִרישע.

ה ע ר י  ה ו ר ו ו י ט ץ : בייטן דעם נאָמען קען טאַקע העלפן נאָר אַ מיידל. אונז, מענער, קען מען נאָך אַמאָל עפּשער וועלן אונטערזוכן צי מיר זיינען כאָלילע „געאידישט“... (צעלאַכט זיך) אַלץ איז נאָך מעגלעך...

מ ו י ש ע  ג ר אַ נ י ט : אַז אַלץ שפּילט אַ ראָלע אין דער פראַגע צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. אַ איד, אַ טערק, צו אַלט, צו שוואַך, אַ נאָז, אַ נאָמען און... ס׳איז שאַ, שטיל, מ׳שווייגט.

ה ע ר י  ה ו ר ו ו י ט ץ : מ׳שווייגט שוין גאָר ניט. די צרה איז נאָר, וואָס מאַנכע באַנוגענען זיך בלויז מיט בורטשען, און מאַנכע ווילן זיך אפילע ניט צוהערן צום געשריי און צום רוף!...

אַט, ווען אַלע אַרבעטער וואָלטן, אַ שטיינער, געוואוסט, וויפיל ס'האָט די ווערט פאַר'ן אַרבעטער אין סאָוועטנלאַנד, דאָס, וואָס מ'האָט פון אים אוועקגענומען דעם שווערסטן יאָך אין לעבן: — דאָס זוכן אַ דזשאָב?!.. היינט דאָס וואָס עס איז אָפּגעשאַפט די פראַגע פון יונג אַלט, מאַן, פרוי, איד, קריסט?!... אַז אַלע זיינען גלייך! אַז אַלץ וואָס איז פאַראַן, איז דאָך פאַר אַלעמען!.. אַלע — וועלכע זיינען נאָר געזונט — אַרבעטן און קריגן אַרבעט!.. און די וועלכע זיינען קראַנק, ווערן געשטיצט פון דער רעגירונג.

מ ו י ש ע  ג ר אַ נ י ט : (איבעראַשט) — טאַקע? אַזוי?

(עס עפנט זיך די טיר און דער געשפּרעך ווערט איבערגעריסן. בעטי — פונקט ווי זי וואָלט געוואָנען זייער פּאַרנוסע אין פאַבריק — קומט אַריין. זי טראָגט אַ בלייפעדער אין די האָר. זי כאַפּט אַ צאָל סטייטמענטס פון דעסק און וואַרפט דערביי אַ בליק צו די באַ־זוכער.)

ה ע ר י  ה ו ר ו ו י ץ : (שטעלט זיך אויף און כאַפּט זי אָן ביי דער האַנט.) אַנטשולדיקט מיס, קען מען דאָ אימיצן זען וועגן אַ דזשאָב?... געלייענט אין צייטונג, אַז איר דאַרפט „הענט״.

ב ע ט י : (שטריינג) איך ווייס ניט. מיסטער קעין קומט באַלד אַריין. וואַרט! (ווייזט אָן אויף די שטולן און פאַרשווינדט אין שאַפּ אַריין.)

מ ו י ש ע  ג ר אַ נ י ט : (צעלאַכט זיך און זאָגט העריין אַפּן אויער.) מיסטער קעין, — אַמעריקע גאַנעוו!.. קאַהנקע פאַרך!... איך קען האָך אים פון דער היים... מיינער אַ לאַנדסמאַן... זיך צוזאַמען געשפּילט אין פערדלעך. ער איז אָבער אַ געבוירענער באָס. שוין אַלס קינד האָט ער דאַווקע געוואָלט, אַז איך זאָל זיין דאָס פערד און ער — דער שמייסער. (מיט כוויזעק) איצט — מיסטער קעין...

ה ע ר י  ה ו ר ו ו י ט ץ : אויב אַזוי, האָט איר דאָך איצט אַ גאָלדענע געלעגנהייט צו קריגן ביי אים אַרבעט... פאַרט אַ לאַנדס־מאַן, — אַן אייגענער שמייסער . . .

מ ו י ש ע  ג ר אַ נ י ט : דער אמת איז, אַז איך האָב אים קיינמאָל ניט געוואָלט קאָנען. ער איז רייך פון גענייוועס, געזיילע, שווינדל, אַנזעצעריי... אָבער, ווי זאָגט מען עס, ווער עס האָט די מיע האָט אויך די דייע. מיסטער קעין — און טו אים עפּעס... נאָר איר ווייסט דאָך: נויט ברעכט אייזן. עפּשער? —

(עס קומט אַריין מיסטער קעין. ער וואַרפט אַ בליק אויף די

באַזוכער, היינגט אויף דעם דאַך און הוט און וויל זיך אַוועקזעצן באַם דעסק. מוישע גראַניט שטעלט זיך אויף. מיסטער קעין גייט אים אַנטקעגן.)

מיסטער קעין: יע... וואָס האָט איר געוואָלט זאָגן?...

מוישע גראַניט: (שטרעקט אים אויס די האַנט) שאָלעם־אַליכעם! ווי איך זע, דערקענט איר מיך שוין ניט. געדיינקט איר ניט דאָס פערדל אין דער אַלטער היים? מוישקע, שאָלעם גראַניטס זון?!

מיסטער קעין: (גיט זיך אַ צי צוריק) יע, יע, יע... מוישקע... אַליכעם־שאָלעם! (באַטראַכט אים) אַלט געוואָרן... אַלט, אַלט, — ניט צו דערקענען. איז וואָס מאַכט מען עפּעס?.. ווי לעבט מען?..

מוישע גראַניט: ס'איז ניט געמאַכט און ניט גע־לעבט...

מיסטער קעין: אַזוי, אַזוי... שוין ניט געזען זיך אַ שיין־ביסל יאָרן... יאָרן לויפן...

מוישע גראַניט: (פאַרגעסט זיך וועגן וואָס ער איז געקומען) — איר געדיינקט קאַהנקעלע, ווי מיר פלעגן דיך רופן?

מיסטער קעין: (אונטערכאַפּט די רייד) מיסטער קעין...

מוישע גראַניט: יע. אָבער אַמאָל — קאַהנקעלע, פּאַ — פּאַ — פּאַ... (וויל זאָגן פאַרד, נאָר ער פאַרכאַפּט זיך.) פּשש, פּשש, אַזויפיל יאָרן...

(די טיר עפנט זיך. עס קומען אַריין צוויי כלייקוידעשניקעס. זיי ווייזן זייערע פּאַפּירן.)

מיסטער קעין: (ווייזט זיי אָף שטולן) זעצט זיך! (איינער זעצט זיך. דער צווייטער שרייבט אַ רעסיט. מיסטער קעין דערלאַנגט אים פּאַפּיר־געלט. דער וואָס זיצט, — שטעלט זיך אויף. ביידע צוזאַמען דערלאַנגען די הענט צו מיסטער קעין.)

ביידע כלייקוידעש: (רעדן צוזאַמען, ווינשנדיק מיסטער קעין) גאָט זאָל אייך העלפן, אייך געבן געזונט און פּאַרנאָסע, אָמיין! (גייען אַרויס)

מיסטער קעין: (גרויסט זיך פאַר זיין לאַנדסמאַן) ווי

**איר זעט איז ביי מיר אַן אָפּענע טיר און אַן אָפענע האַנט...**

מ ו י ש ע  ג ר א נ י ט : (צעלאַכט זיך און ווייזט אַ צעריסענע קעשענע) ביי מיר, ווי איר זעט, איז אויך אַן אָפענע קעשענע — פול מיט לעכער, נאָר אַן אַ פּעני ביי דער נשמה...

מ י ס ט ע ר  ק ע י ן : (פאַרוואונדערט) ס'הייסט??

מ ו י ש ע  ג ר א נ י ט : ס'הייסט... אַז מ'אַרבעט ניט, — פאַרדינט מען ניט, — איז פאַראַן לעכער...

מ י ס ט ע ר  ק ע י ן : (פאַרזאָרגט, מיט ראַכמאָנעס) אַזוי, אַזוי...

(הערי הורוויטץ זיצט אומרוהיק. ער קלאַפּט מיט דער צייטונג פון איין האַנט אין דער צווייטער און הויבט זיך אַלע ווײַלע אויף. ער וויל, אַז מיסטער קעין זאָל אים דערזען.)

(די טיר עפנט זיך. עס קומען אַריין צוויי נאָנעס. מיסטער קעין באַגעגנט זיי מיט איידלקייט. זיי ווייזן אים אַ קרעדענשאַל און ער לייענט עס דורך. נעמט אַרויס אַ ביל און גיט זיי. די נאָנעס צײַלעמען אים איבער, וואַרפנדיק מיט זייערע הענט און דערנאָך פאַרנייגן זיי זיך און גייען אַרויס.)

ה ע ר י  ה ו ר ו ו י ט ץ : (פאַרלירט דאָס געדולד, הויבט זיך אויף, ווענדעט זיך צו מיסטער קעין) איך האָב געלייענט אין צייטונג...

מ י ס ט ע ר  ק ע י ן : (שלאָגט אים איבער) איר וועט מיר אַנטשולדיקן אַ ווײַלע... (ווענדעט זיך צו מוישע גראַניט) איז וואָס טוט איר?

מ ו י ש ע  ג ר א נ י ט : (אַביסל דערשלאָגן) איך טו וואָס אַלע טוען, — אין איין שאָפּ אַרויף און פון דער צווייטער אַראָפּ. מ'האָט דאָס מיר טאַקע היינט געזאָגט, דורך די צייטונגען, אַז איר זוכט „הענט", בין איך געקומען זען וואָס אַ לאַנדסמאַן קען עפּעס טאָן פאַר מיר...

מ י ס ט ע ר  ק ע י ן : (בלייבט שטיין אַ ווײַלע אין אַ פאַרלעגנהייט) איר פאַרשטייט... מיר... מיר זיינען זייער פאַרזיכטיק מיט אַרבעטער אין אונזער פאַבריק... מיר האָבן שוין געהאַט לעסאָנס... מיט סטרייקס, מיט טראָבל, און... מ'מוז דעריבער זיפּן און קלייבן...

מ ו י ש ע  ג ר א נ י ט : (אונטערטעניק) איר האָט זיך פאַר

מיר ניט וואָס צו שרעקן. איך האָב שוין אָפּגעקעמפּט מיינע יאָרן. איך — אַן עלטערער מענטש, דאַנק גאָט, אַבי איך האָב אַ שטול אין אַ שאָפּ צו זיצן . . .

מיסטער קעין: (היט זיך מיטן וואָרט) — יו־סי . . . ביי אונז . . . גלאַט שטולן לאָזן מיר ניט פאַרנעמען . . . יו־סי . . . פּראָדאַקשאָן . . . קאָנקורענץ . . מ׳קען זיך ניט העלפן . . . עלטערע מענטשן, יו־סי . . . (פאַרהאַקט זיך אין די רייד.)

מוישע גראַניט: אָבער קאָהנסקע, (פאַרכאַפּט זיך כ׳מיין — מיסטער קעין . . . אַזאַ ענטפער גיט מען עס אַ לאַנדסמאַן, אַ גוטן ברודער?... האָט געוועזן אייערס אַ פערדל פון קינווייז אַן...

מיסטער קעין: (פעסט) פאַרשטייט... ביזנעס איז ביזנעס! האַנדלשאַפט איז ניט ברידערשאַפט! . . (וויל אַוועקגיין און כאַפּט זיך צוריק) וועל . . . אויב איר דאַרפט אַ פּאָר דאָלער . . . נו מיילע . . . איר זעט דאָך: איך גיב אויף אַלעם! איך העלף שפּי־טאָלן, שולן, מוישעוו־זקיינימס, אָבער... פאַרשטייט מיך: איך קען ניט מאַכן קיין מוישעוו־זקיינים פון׳ם שאָפּ.. (נעמט אַרויס עט־לעכע בילס און וויל אים געבן.)

מוישע גראַניט: (קוקט בייז אויף אים ווי ער האַלט דאָס געלט) אַ שיינעם דאַנק אייך! איך בין ניט געקומען צו אייך נאָך טשאַריטי! אַזוי לאַנג ווי מיינע פינגער דינען נאָך, — וועל איך צו קיין טשאַריטי ניט אָנקומען! איך זוך אַרבעט! . .

מיסטער קעין: (וויל זיך אַרויסדרייען פון דער לאַגע) — איך וועל אייך זאָגן דעם עמעס. ווען איך זאָל אַפילע וועלן אייך אַריינגעמען, קען איך דאָס אויך ניט טאָן. איר פאַרשטייט . . . מיין פירמע האָט אַ באַשלוס ניט אַריינצונעמען קיין אידן אין שאָפּ. אַ איך . . .

הערי הורוויטש: (שפּרינגט אויף) — וואָס? קאָהנסקע פאַרך וויל ניט קיין אידן? טאָ וואָס־זשע לאָזט איר מיך דאָ זיצן, צו אַלדע שוואַרץ־יאָר?! אייך געפעלט אויך ניט מיין נאָז? (ווייזט אים אַ נאָז) נו, עפּשער וועט אייך געפעלן אַזאַ נאָז? . . (צו מוישען) האַנדלשאַפט — איז ניט קיין ברידערשאַפט!

מיסטער קעין: (צעשראָקן) ווער איז דער אַנשיקעניש? (רעדט צו הערין) מיסטער, איך האָב ניט קיין אַרבעט פאַר אייך! ביי מיר אַרבעטן בלויז שיקסעס! (ווייזט מיטן האַנט צום טיר)

גייט אייך, איידער איך רוף אַרויף אַ פּאָליסמאַן. בעטי! (ער ווענדט זיך אין דער צווייטער טיר.)

מ ו י ש ע ג ר אַ נ י ט : (אויפגערעגט) העי, סטראַשעט ניט מיט קיין פּאָליסלייט! אין דער היים האָט איר טאַקע געקענט זיין אַ מאַסער, אָבער דאָ האָב איך אייך אין דר'ערד צוזאַמען מיטן פּאָליס־מאַן. אין מיינע אינגערע יאָרן האָב איך אַזאַ באַס ווי איר פאַרפאָרן (ער פּאַרמעסט זיך, מיסטער קעין שפּרינגט אָפּ), אַז די כאָלערע האָט אים גענומען! . .

(מיסטער קעין לויפט צו און כאַפּט דעם טעלעפאָן. הערי הור־וויטץ עפנט די טיר. מוישע גראַניט לאָזט זיך גיין.)

ה ע ר י ה ו ר וו י ט ץ : וואַרט דו פאַרכוטץ, דו וועסט נאָך אַמאָל לויפן זוכן אַרבעט פונקט ווי מיר! די יוניאָן וועט דיר טרעפן! . .

מ ו י ש ע ג ר אַ נ י ט : יאָ, יעדער הונט האָט זיך זיין טאָג. אַ נייער היטלער! אים געפעלן אויך ניט קיין אידן. וואַרט, וואַרט! . . . (טייטלט מיטן פינגער)

מ י ס ט ע ר ק ע י ן : (רייצט זיך) איר וועט דאָס ניט דער־לעבן! אַט־אַ גיי און נעם דאָס אַריין אַזעלכע אידן צו דער אַרבעט... איך פייף אויף אייך! אַרויס פון דאַנען! (האַלט דאָס טרייבל פון טעלעפאָן אין האַנט) אַרויס! . . (ווערט צוטומלט. ווייס ניט וואָס צו זאָגן) איך וועל גיין זוכן אַ דזשאָב? איך מאַך אייך דאָ אַ וואַנע אין געלט... (כאַפּט אַרויס אַ פּעקל געלט און רייצט זיך.)

ה ע ר י ה ו ר וו י ט ץ : (קערט זיך אום און לאָזט שטיין מוישען איר טיר) — טפו אויף אייך, מיט אייער געלט!

(מיסטער קעין נעמט רופן פּאָליס. הערי הורוויטץ לאָזט זיך צו דער טיר. מוישע גראַניט מאַכט אַ טריט פאַראויס צו מיסטער קעין.)

מ ו י ש ע ג ר אַ נ י ט : ביזט געווען אַ קאַהנקע פאַרד און וועסט פאַרבלייבן. מעגסט זיך אַפילע איצט רופן מיסטער קעין, ביזטו אַלץ אַ פאַרד! . .

(מוישע גראַניט האַקט צו די טיר. מיסטער קעין בלייבט שטיין פאַרלוירן און קראַצט זיך דעם פּליך.)

(פאָרהאַנג פאַלט)

## צווייטע סצענע

### מיט א פּאָר יאָר שפּעטער

(אַ צימער אין אַ יוניאָן אָפיס. עס שטייט אַ טיש מיט אַ טוץ אויפ־שטעל־ביינקלעך. עטלעכע אַרבעטער זיצן און וואַרטן אַף אַ מיטינג. איינינגע לייענען צייטונגען. מאַנכע שמועסן צווישן זיך. מוישע גראַני'ט האַלט אין האַנט דאָס יוניאָן־ביכל און ציילט די וואָכן. בעסי גודמאַן קומט אַריין. זי נעמט טיילן נומערן און פרעגט יעדן דעם נאָמען לויטן נומער. זי דערזעט מוישע גראַני'ט און שטעלט זיך אָפּ.)

מ ו י ש ע ג ר א נ י ט : נו, גיב מיר אויך אַ נומער . . .

ב ע ס י ג ו ד מ א ן : וואָס טוט איר דאָ ? איר דאַרפט אויך ווערן אַ יוניאָן־מאַן ? (שפּאַסט) צו שפּעט, ברודער גראַניט !

מ ו י ש ע ג ר א נ י ט : ווייסט דאָך, אַזוי ווי איך אַרבעט ניט, איז מיין יוניאָן־ביכל געבליבן נאַקעט, אָן אַ סטעמפּ. בין איך איצט געקומען צו דער מאַמען דאָס אַביסעלע צו באַקליידן. פאַר־שטייסט דאָך . . .

ב ע ס י ג ו ד מ א ן : אַזוי ? איר אַרבעט נאָך אַלץ ניט ?

מ ו י ש ע ג ר א נ י ט : וואָס דען האָסטו געדיינקט ? די באַלעבאַטים וועלן זיך איצט פאַרליבן אין מיר ? ! פאַרשטייסט: ווען איך קען אַרונטערנעמען מיין אידישע נאָז, צוזאַמען מיט דעם גרויען קאָפּ, — וואָלט איך עפּשער געקראָגן אַרבעט. אַזוי אָבער, איז שלעכט. די באָסעס זוכן שיקסלעך און טאַקע יונגע . . . איין קלאָג נאָך אַלע באָסעס, סיי אידישע און סיי גויאישע.

ב ע ס י ג ו ד מ א ן : ס'הייסט ? . .

א ר ב ע ט ע ר : (אויפגערעגט) יאָ, יאָ, אַ אידן לאָזט מען ניט אַריין אין שאָפּ . . . די אידישע באָסעס זוכן נאָר שיקסעס און... די יוניאָן שווייגט... מ'וואָלט די שיקסעס געדאַרפט אַרויסטרייבן פון טרייד ! אַ מאַן דאַרף מאַכן אַ לעבן און דאַצאָל !

ב ע ס י : (גוטמוטיק) ניין, ברודער, ניט די שיקסעס זיינען שולדיק. אַלע מענטשן האָבן מאָגנס, און אַלע מאָגנס ווילן עסן ! . . אָט, שרייען דאָך די פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס : ווען מ'זאָל אַרויס־טרייבן די אידן, וועט זיין גענוג אַרבעט... שרייען דאָך אויך די דייטשע פאַשיסטן : אַרויסטרייבן די אידן, וועט זיין גענוג אַרבעט . . . אין דער סאַוט שרייען די ווייסע שאָוויניסטן: לינטשט די שוואַרצע, — וועט זיין גענוג אַרבעט ! איצט קומט איר, אַ איד, און שרייט אויך : שיקסעס, שיקסעס ! . .

מ ו י ש ע  ג ר א נ י ט : (שפּאַסט) — אַזאַ יאָר אויף מיר ווי אַ שיקסע איז גוט. איך וועל דיר זאָגן, טעכטערל, (ער טוט איר אַ גלעט), אַז עס טוט ווי דער קאָפּ, — קראַצט מען זיך די פּאַטעל־ניצע. ס'איז שלעכט . . . שלעכט . . . אַ מאָגן, אַז ער האָט ניט וואָס צו עסן, גייט ער אויך אַרום און בורטשעט...

(עס קומען אַריין עטלעכע אַרבעטער. צווישן זיי — מיסטער קעין. ער איז פּאַרעלטערט, בלאַס, אויסגעדאַרט און קוקט מיט צע־שראָקענע אויגן. ער זעט אויס ווי אַ סטראַשידלע אין דעם ראָק, וואָס הייגט אויף אים. בעסי גיט נומערן די אַריינגעקומענע און פרעגט זיי פאַר נעמען)

מ י ס ט ע ר  ק ע י ן : (נעמט דעם נומער) מיין נאָמען איז מיסטער קאָהן.

(בעסי ווייזט זיי אָן אַ פּלאַץ צום זיצן. זיי זעצן זיך און שמועסן שטיל איינער צו דעם אַנדערן. בעסי גייט אַרויס אַריינצוברייגען נאָך שטולן.)

מ ו י ש ע  ג ר א נ י ט : (צו זיין שאָכן) די יוניאָן, אַ לעבן אויף איר, זאָרגט פאַר אַלץ! (צייגט אָן אויף בעסין, ווי זי שטעלט אויס די שטולן) ווען מיר האָבן אַ מיליאָן מיט אַזעלכע מיידעלעך, וואָלט געווען אַ שטאַרקע יוניאָן... (ווענדעט זיך צו בעסין) ווייסט, בעסי, די יוניאָן וואָלט געדאַרפט איינפירן אייגענע ביוטי־פּאַרלאָרס, וואו מ'זאָל קענען אָפּפאַרבן די גרויע קעפּ פון די עלטערע מענטשן, און כירורגן, וואָס זאָלן אָפּשניידן די אידישע נעז . . . אַז די באַ־לעבאַטים זאָלן אַזוי ניט קוקן אויף די האָר און אַף דער נאָז . . . אי בעסעלע, ווי זיי וועגן און מעסטן עס יעדן אַרבעטער...

ב ע ס י : (שטיפעריש) ניט די האָר און די נאָז דאַרף מען בייטן, — נאָר די פּאַסקודנע סיסטעם!.. (נעמט זיך צוגרייטן פּאַ־פּירן אפן טיש.)

(מיסטער קעין קוקט צושראָקן אַף מוישע גראַניט. עס וואַרפט אים יעדן אייווער. מיטאַמאָל שטעלט ער זיך אויף און שפּאַנט צו צו מוישן. מוישע גראַניט קוקט אויף אים מיט איבעראַשונג.)

מ י ס ט ע ר  ק ע י ן : (גיט אים די האַנט) יאָ, דאָס בין איך, קאָהן, קאָהנ'קע... (ווייזט אויף זיך) איר זעט?...

מ ו י ש ע  ג ר א נ י ט : (קוקט דערשטוינט) מיסטער קעין? וואָס טוט איר דאָ? . . . וואו איז אייער שאָפּ, אייער געלט? . . .

מיסטער קעין: אוים, אפגעווישט... צעדריקט געווארן... די גרויסע האבן מיר צעמאלן...

מוישע: וואסזשע איצט? ... געקומען זען אייער אמאליגן פערדל? ...

מיסטער קעין: (צעווייטיקט) וואס? .. א פערדל, זאגסטו? ... יא, איך גיי אליין ווערן א פערדל... צוריק אין שאפ, ארבעטן... א פערדל... אן אלט פערדל. ... יא, פאר אן עלטערן מענטש איז שווער צו קריגן א דזשאב... און אז איך קום צו מיינע געוועזענע באקאנטע מאנופעקטשורערס, זאגן זיי מיר איין זאך: האנדלשאפט איז ניט קיין ברידערשאפט... נו, בין איך איצט געקומען אהער. כ'וויים... דורך דער יוניאן... אז עס איז שלעכט...

בעסי: (הויבט אויף דעם קאפ פון די פאפירן) האנדלשאפט איז טאקע ניט קיין ברידערשאפט, אבער ברידערשאפט איז אויך ניט האנדלשאפט! ביי אונז זיינט איר ווילקאמען, אין די רייען פון דעם ארבעטער קלאס זיינט איר דער זעלביגער יאכסן וואס מיר אלע. יונג ווי אלט, איד ווי קריסט, אלע זיינען גלייך בארעכטיגט צו ארבעט, לעבן און געניסן פונם לעבן...

מיסטער קעין: (ציטערט אזש פון די ווארימע ווערטער) א, לאנג לעבן זאלט איר! ..

מוישע גראניט מאכט פלאץ פאר מיסטער קעין, זעצט אים לעבן זיך און שמועסט מיט אים ווי צו א גוטן פריינט. הערי הורוויטץ קומט אריין. ער גייט גלייך צום טיש, אלס פארזיצער).

בעסי: (ווענדעט זיך צו אלעמען אין צימער) איר וועט אזוי גוט זיין ארויסגיין. מיר וועלן גלייך אנפאנגען דעם מיטינג און וועל אלעמען אריינרופן לויטן נומער.

מוישע גראניט: (מיט צופרידענקייט) ברודער הורוויטץ, הערי, קומט נאר אהער א ווייל (הערי גייט צו) איר דערקענט דעם א מאן? (ווייזט אויף מיסטער קעין) געדיינקט איר, ווי מ'האט אונז ארויסגעטריבן פון א שאפ ביי מיינעם א לאנדסמאן, מיסטער קעין? קאהנ'קע? געדיינקט איר דאס?

(הערי קוקט פארוואונדערט, מיסטער קעין שטייט צושראקן, הערי נעמט אים ביי דער האנט).

הערי הורוויטץ: (מיט ליבשאפט) שרעקט זיך ניט, אין שאפ קליבט מען טאקע אוים א נאז, האר, א איד, א גוי,, א מאן,

א שיקסע... אין דער יוניאָן אָבער, זיינען אַלע ווילקאָמען, דאָ זענען אַלע איינס, אונזער קויעך איז אין איינינקייט, אין גלייכהייט...

מיסטער קעין: (כמעט מיט טרערן) איך... איך דאַנק אייך!.. איך...

מוישע גראַניט: (ווייזט קעינען אַף הערין און בעסין) איר זעט זיי? זיי, א געזונט אַף זיי, אַרבעטן שווער צו מאַכן א גוטע יוניאָן... (הערי מיט בעסין גלייכן אויס די פּאַפּירן אַפן טיש. מוישע גראַניט האַלט מיסטער קעין ביי דער האַנט.) איצט, קאַהנקע, בין איך שוין ניט מער אייער פעדל און איר ניט מער קאַהנקע פאַרך. מיר זיינען איצט ברידער! (ביידע נעמען זיך הינטן אַרום מיט די הענט און שפּאַנען אַרויס) פאַרשטייסט, וואָס דאָס הייסט? — ברידער־שאַפט! יוניאָן!

(פאָרהאַנג)

# א „סורפּריז"

(שטיפעריי אין איין אַקט)

פּ ע ר ז אָ נ ע ן :

ס אָ נ י אַ.
ה ע ר י ס
פּ אָ ר ז י צ ע ר (מאַן אָדער פרוי)
מ י ס ע ס ז י מ ע ר מ א ן
כ א ו ו ע ר ז י מ ע ר מ א ן (איר מאַן)
ע ר ש ט ע ר מ י ט ג ל י ד
צ ו ו י י ט ע ר מ י ט ג ל י ד
ב ע ר ט א (טאַלאַנט)

אַ גרופּע חברים, מענער און פרויען, זיצן אויסגעזעצט אין פראָנט־רום אַרום טיש. מאַנכע זיצן אויף קישעלעך אַפן דיל.

אין הויז איז ליכטיק, יאָמטעוודיק. אַלץ אַרום — דעקאָרירט. אַפן טיש — אָנגעשטעלט פאַרשידענע נאַשערייען, טאָרטן, פרוכטן.

די גרופּע פילט זיך פריי, שטיפעריש. מאַנכע ברומען אונטער מעלאָדיען פון באַקאַנטע לידער. צייטנווייז כאַפּן אַלע אויף אַ ליד און זינגען צוזאַמען.

סאָניאַ: (בעט אַלעמען שווייגן. רופט דורכן טעלעפאָן). — יעס.. מיסעס זימערמאַן. איז כאַוועד זימערמאַן נאָך אין דער היים?.. וואָס?... שוין לאַנג אוועק?.. יאָ.. מיר האָבן היינט אַ פּאַרטי... מיר שליסן דעם קאַמפּיין פאַר מיטגלידער אין ברענטש... אַוואַדע!.. וואָס איך הער?... איר זייט נאָך ניט קיין מיטגליד?.. וואָס רעדט איר?.. אייך דאַרף מען נאָך רופן?.. וואָס הייסט, ער נעמט אייך ניט?.. און וואו זיינען אייערע אייגענע פיס?.. איר מיינט, אַז אייער קינד וואָלט ניט האַנאָע געהאַט?.. אַזאַ יאָר אויף מיר... אַ ליטעראַרישער אָוונט מיט עסן און טרינקען און זינגען!.. (די גרופּע צעזינגט זיך ביסלעכווייז.) איר הערט?.. איר מוזט געווים מיינען, ס'איז אַ ראַדיאָ?.. ניין!.. דאָס זינגט מען אַזוי איצט בא מיר!.. אַזאַ געזונט שוין אויף אונזביידן, ווי איר וועט גוט פאַרברענגען!.. קומט צו... קומט צו... גוד־באַי... (לאָזט אָפּ דעם טעלעפאָן)..

הערים: (צו סאָניאַן) וואו קען עס כאַוער זימערמאַן זיין אַזוי שפּעט?

סאָניאַ: אַ נייעס, נו, בא כאַווער זימערמאַנען!.. ער מוז אַוואדע וערגעץ האָבן אַן אויסקוק אויף אַ מיטגליד, מוז ער געווים זיצן און ווארטן פאַר אים...

הערים: איך דיינק, אַז מיר זאָלן שוין עפענען דעם אָוונט אָפיציעל......(גיט אַ קוק אָפן זייגער), ס'איז שוין שפּעט!.. (גיט אַ שטורכע דעם פאָרזיצער) נו, עפן אויף דעם אָוונט!..

פאָרזיצער: (שטעלט זיך אויף) כאַווירים און פריינט! דער היינטיקער אָוונט איז לעקאָוועד דעם שלום פון אונזער דערפאָלג־רייכער קאַמפּאַניע פאַר מיטגלידער! מיר ווילן דעריבער צום אַלעם ערשטן געבן אַ סאַלוט פאַר אונזערע שלאָגלער, וועלכע האָבן זיך אַזוי גלענצנדיק אויסגעצייכנט. אין דער ערשטער ריי גייען אריין: די גאָלד־בערגס, נעווינס, פיינשטיין, זימערמאַן און גאָדין! איז אַלע צוזאַמען — אַ טשיר פאַר די כאַווירים!

אַלע: היפּ־היפּ, הורא!.. היפּ־היפּ, הורא!.. היפּ־היפּ, הורא!!!

(אַלע נעמען זיך צום עסן, אָדער טרינקען. ווידער הויבט מען אָן שפּאַסן און פאַרציען מעלאָדיעס. עס קומט אַריין מיסעס זימערמאַן. סאָניאַ לויפט אַנטקעגן און נעמט אויף מיט גאַסטפריינדלעכקייט).

מיסעס זימערמאַן: מיין מאַן איז נאָך אַלץ ניטאָ? ער גייט אַוועק צו דער אונטערנעמונג דער ערשטער און קומט אָן דער לעצטער...

סאָניאַ: (גיט אַ וואונק) — ווען איר וואָלט, אָבער, גע־האָלפן אייער מאַן אין דער אַרבעט, וואָלט ער דאָך ניט געדאַרפט אַזוי שווער אַרבעטן... וואָס איז? אַזאַ פרוי ווי איר קען דען ניט זיין אָנגעשלאָסן און זיך באַטייליגן אין דער אַרבעט מיט אַלעמען צו גלייך? און איר מיינט, אַז אייער קינד וואָלט איר ניט געדאַרפט פאַראינטערעסירען אין דער אַרבעט?.. פאַרגעסט ניט, אַז מיר זיינען אַרבעטער, אָרימע מענטשן, און מיר דאַרפן אונזערע קינדער געווינען פאַר זיך...

מיסעס זימערמאַן: אַזא יאָר אויף מיר, ווי איר זענט גערעכט. מיין מאַן אָבער האָט אין זינען די גאַנצע וועלט,

נאָר זיין אייגן, ווייב און קינד פאַרגעסט ער. גלויבט מיר: אַ סאַך מאָל קריינקט מיך, וואָס ער גייט אַליין אַוועק. נאָר איר ווייסט דאָך... איך וועל אים ניט גיין רייסן פאַר דער פּאָלע און שרייען: נעם מיך אויך מיט...

ס אָ נ י אַ: אַזאַ געזונט אויף מיר, ווי איר זיינט גערעכט! זעט איר, ביי אונז, ביי מיר מיט מיין מאַן, איז דאָס געווען פּונקט פאַרקערט. איך האָב מיט מיין ווייבערישן קאָפּ גענומען פריער פאַרשטיין, אַז מ׳דאַרף ערגעץ באַלאַנגען זיין אַקטיוו און העלפן דעם אַרבעטער־קלאַס. האָב איך געריסן שטיקער פון מיין מאַן, אַז ער זאָל מיט מיר מיטגיין. איצט — אַזאַ יאָר אויף אונזביידן, וואָס פאַר־אַ טייערע אַרבעט ער טוט...

מ י ס ע ס ז י מ ע ר מ אַ ן: הערט־זשע, טייערע סאָניאַ, אויב אַזוי, טאָ שלאָגט־זשע מיך פאַר פאַר אַ מיטגליד, און מיין קינד נעמט אַריין אין דער שולע. לאָמיר היינט מאַכן אַ סורפּריז מיין מאַן... איך אַליין וועל דערווייל אַריינגיין אין אַ צווייטן צימער און וואַרטן ביז איר וועט מיך אַרויסרופן... גוט?..

ס אָ נ י אַ (נעמט זי קושן ס׳אַ זעלטענער אַנפאַל!.. דאָס וועט שוין איינמאָל זיין אַ פיינער סורפּריז פאַר אים און אויך אַ לעסאָן פאַר אַלע מענער!.. (עפנט אַ צווייטע טיר און פירט איר אַריין.)

פ אַ ר ז י צ ע ר: (שטעלט זיך אויף) — איצט כאַוויירים, וועלן מיר געבן אַ פּאָר נומערן פון אונזער פּראָגראַם און דאַן וועלן מיר הערן באַריכטן... איך וועל אייך דעריבער איצט פאָרשטעלן כאַווערטע בערטאַ. זי וועט פאַר אייך זינגען, אָדער דעקלאַמירן. זאָל זי אַליין באַשטימען...

(בערטאַ שטעלט זיך אויף און גיט אַ נומער. אַלע אַפּלאָדירן איר. זי גיט אַ צווייטן נומער.)

פ אַ ר ז י צ ע ר: איצט לאָמיר הערן אַ באַריכט, וואו מיר האַלטן מיט די רעזולטאַטן פון דער קאַמפּאַניע פאַר מיטגלידער...

(עס קלינגט אין טיר, סאָניאַ לויפט צו עפענען. עס קומט אַריין כאַווער זימערמאַן. אַלע באַגריסן אים מיט אַ הוראַ און פייפערײַ. ער גייט צו נענטער צום טיש און זעצט זיך אַוועק.)

ע ר ש ט ע ר: (שטעלט זיך אויף פון זיין פּלאַץ אָפּן דיל) — איך האָב 5 אַפּליקאַציעס און נאָך דריי קומען אינגיכן...

אַ ל ע: בראַוואָ! בראַוואָ!

צ ו ו י י ט ע ר: איך האָב דאָ מיטגעבראַכט מיט זיך מײַנע צוויי נײַע מיטגלידער און . . . (ווײַזט אָן) דאָס זײַנען זיי! נאָך 8 וועלן קומען צום מיטינג. (אַלע אַפּלאָדירן) דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. איך האָב פאַר אונזער שול פאַרשריבן צוועלף קינדער, וואָס וועלן אָנפאַנגען קומענדיקע וואָך...

אַ ל ע: בראַוואָ! בראַוואָ! (אַפּלאָדירן)

פּ אָ ר ז י צ ע ר: נו, כאַווער זימערמאַן, וואָס האָט איר פאַר אַן איבעראַשונג היינט אָונטס? אויב איר זענט געקומען אַזוי שפּעט, מוז אַוואַדע זײַן אַ גאַנצער צעטל?!..

כ אַ ו ו ע ר ז י מ ע ר מ אַ ן: (אַביסל קאַלעמוטנע) — איך בין אָפּגעלעגן אַ גאַנצן אָונט און געוואַרט פאַר אַ קאַנדידאַט, קעדעי אים מיטצוברענגען היינט צו דער פּאַרטי, צום סאָף האָט אים גאָר זײַן ווײַב געלאָזט וויסן, אַז ער מוז בלײַבן מיטן קינד אין הויז, ווײַל זי האָט היינט אַ ברידזש־פּאַרטי... איך האָב אָבער נאָך אַן אויסזיכט אויף אַ מעמבער... צום באַדויערן איז ער איצט קראַנק. נאָר ווי גיך ער וועט געזונט ווערן, האָט ער מיר צוגעזאָגט, קומט ער אַרײַן צו אונז אַלס מיטגליד... (זעצט זיך שטיל אַוועק)

פּ אָ ר ז י צ ע ר: עפּעס זע איך, אַז סאָניא זעט מיר אויס פריילעך. זי מוז אַוואַדע האָבן אַביסל קאַנדידאַטן?!...

ס אָ נ י א (שטיפעריש) — יאָ! איך האָב... איך האָב פאַר אײַך אַ סורפּריז! איך... איך האָב דעם פאַרגעניגן אײַך פאָרצושטעלן אַ נײַעם מיטגליד פאַר אונזער ברענטש און אַ קינד פאַר אונזער שול!.. (זי עפנט די טיר און פירט אַרויס מיסעס זימערמאַן, זייט באַקאַנט!

(כאַווער זימערמאַן בלײַבט צעטומלט און קוקט זיי אָן; אַלע נעמען אויף די נײַע מיטגלידער מיט בראַוואָ־פּאַטשעריי און געזאַנג)

מ י ס ע ס ז י מ ע ר מ אַ ן: (גייט צו, גיט כאַווער זימערמאַנען די האַנט) — נו, וואָס זאָגסטו עפּעס אויף דײַן פרוי?..

ס אָ נ י א: נו, כאַווער זימערמאַן, ווי געפעלט אײַך עפּעס מײַנע נײַע קאַנדידאַטן?... אײַער יאַטל וועט שוין מאַנטיק אויך זײַן אין שולע!

כ אַ ו ו ע ר ז י מ ע ר מ אַ ן: (אַביסל איבעראַשט) — איך מוז אײַך גראַטולירן, סאָניא. מיר איז דאָס גאָר ניט אײַנגעפאַלן.

כ'האָב געמיינט, אַז איך מוז נאָר קלאַפּן אין פרעמדע טירן און...
דערווייל האָב איך אַזויאַרום מיין אייגענע טיר פאַרזען...

סאָניאַ: (שפּרינגט אַרויף אָף אַ שטול) ריכטיק ווי גאָלד!
און וואָס דאַרפן מיר לערנען דערפון? מיר דאַרפן לערנען, אַז...
נו... מענער, האָט אינזינען אויפצוקלערן אייערע פרויען און איר,
פרויען, פאַרגעסט ניט אייערע מענער! מאַכט זיי פאַר מענטשן!..
אויך אַלע טאַטעס און מאַמעס מוזן האָבן אין זינען, אַז זיי דאַרפן
דערציען זייערע קינדער אין דינסט פון זייער קלאַס!..

אַלע: בראַוואָ!.. בראַוואָ!..

כאַווער זימערמאַן: (פּאַטשט בראַוואָ!) גערעכט!
(גייט צו צו זיין פרוי און קושט זי)

פאַרזיצער: (שמייכלט) — דאָס איז אַ סורפּריז! דאָס
איז אַן אויפנאַמע!.. אָט אַזוי!.. איצט דאַרפן מיר אויפנעמען
אונזערע נייע מיטגלידער!.. און אויפנעמען לאָמיר זיי אַזוי ווי מיר
קענען, מיט געזאַנג!.. (אַלע שטעלן זיך אויף און באַלד צעגיסט
זיך איבערן צימער אַ פריילעך קאַמפּס־ליד).

(פאָרהאַנג)

# א זיך־סטרייק

(איינאַקטער)

פ ע ר ז אָ נ ע ן :

מ י ס ט ע ר ק ע ס ל מ אַ ן — באָס

מ י ס ט ע ר ג אָ ט ה ע ל ף — פאָרמאַן

מ י ס ר אָ ז ן — בוכהאַלטערן

ס אַ נ ש י י ן — שאָפ פאַרטרעטער

א י ז ו א — מיטגליד פון שאָפּ־קאָמיטעט

פ ר ע ד — סקעב־אַגענט

ד ז ש ע ק — א סקעב

א ר ב ע ט ע ר — מענער און פרויען

(די סצענע קומט פאָר אין אָפיס פון מיסטער קעסלמאַן. אַ שיינער באַקוועמער אָפיס, מיט אַלע איינריכטונגען: אַ דעסק, אַ טעלעפאָן, שטולן, אַ הייזגער. איין טיר וואָס פירט אַריין פונים עלעווייטאָר. אַ צווייטע, אַ ברייטע טיר — אַנטקעגן, וואָס פירט אַריין אינם שאָפּ. מיס ראָזן זיצט פאַרטיפט אין די ביכער און וואַרפט אַלע ווײלע אַ בליק אויף מיסטער קעסלמאַן)

מ י ס ט ע ר ק ע ס ל מ אַ ן : (אַ נערוועזער מענטש, קײַט דעם ציגאַר און האַלט אין איין שפּייען דעם טאַבאַק. ער כאַפּט אַלע ווײלע אַראָפּ די גלעזער און קוקט אַריין אין בילס) נאַדיר אָרדערס! גיי, נעם אָרדערס, אַז די ראַזבויניקעס זיינען גאָר די באַלעבאַטים, ניט איך. (לויפט צו צו דער בוכהאַלטערן, מיס ראָזן גיט אַ ציטער) האָסטו געענטפערט צום בריוו? מיט מיסטער ווייסמאַנען שפּילט מען זיך ניט.

מ י ס ר אָ ז ן : אָט גיי איך שוין שרייבן דעם בריוו. אָבער וואָס זאָל איך אים ענטפערן? אָט איז אויך פאַראַן אַ בריוו פון גליקסמאַנען (ווײַזט אפן בריוו). ער „קענסלט" די אָרדערס.

מ י ס ט ע ר ק ע ס ל מ אַ ן : וואָס? (גיט אַ וואָרף דעם ציגאַר אין דיערד, הויבט אים גלייך אויף צוריק, ווישט אים אָרום און בייסט אים מיט כעס) ער אויך? ענטפער אים גלייך, אַז ער קריגט די וואָך די אַרבעט. שרייב אים טאַקע, אַז אַלע סטרייקער קומען היינט צוריק צו דער אַרבעט. נאַדיר — נו, ער אויך! (שפּייט די ברעקלעך טאַבאַק פון מויל און ווענדט זיך צו מיס ראָזענען) שרייב!

(נעמט אַרומשפּאַנען ווי צום דיקטירן דעם בריוו. מיס ראָזן קוקט אים אין מויל אַריין. ער צעקאַכט זיך) וואָס זיצסטו, וואָס? וואָס איז דאָ? אַ זיץ־סטרייק? שרייב!

(פון דרויסן דערהערט זיך אַ קאַמפּס־געזאַנג און דאָס צוקלאַפּן צום טאַקט מיט די פיס. קעסלמאַן לויפט צו דער שאַפּ־טיר, נעמט זיך רייסן די האָר פון קאָפּ און לויפט אַריין צוריק אין אָפיס, פרעד נאָך אים)

פ ר ע ד : (מאַכט צו די טיר) יו סי...

מ י ס ט ע ר ק ע ס ל מ אַ ן : וואָס, יו סי? ווען יו סי, פיידע נעמט איר און קיין אַרבעט זע איך ניט. (פאַרברעכט מיט די הענט) די באַנדיטן פּאַראַדירן אַרום שאַפּ און זינגען, און מיינע סקעבס שטייען ביי די פענסטער און קלאַפּן צו צום טאַקט. שיינע אָרדערס קען איך מאַכן!..

פ ר ע ד : יו סי, באָס... יו סי, זיי זיינען צעשראָקן — פאַלט זיי די אַרבעט פון די הענט. באָט . . .

מ י ס ט ע ר ק ע ס ל מ אַ ן : באָט, באָט!.. באָט פיידע גיב זיי?!.. די פיידע פאַלט זיי ניט פון די הענט?! וועל, היינט וועט מוזן נעמען אַ סוף!

פ ר ע ד : (צעשראָקן) אָלרייט, באָס! איך וועל זען מ׳זאָל אַרבעטן. ליוו־איט טו מי. (גייט אַריין צוריק אין שאַפּ. ווען ער עפנט די טיר, דערהערט זיך ווידער געזאַנג. ער פאַרמאַכט גיך די טיר פון דער צווייטער זייט)

מ י ס ט ע ר ק ע ס ל מ אַ ן : (מאַכט נאָך ווי די סקעבס האָבן געקלאַפּט צום טאַקט) אָט פאַר דעם־אַ זאָל איך געלט... שווערע הונדערטער... פאַר מיין געלט, פאַר מיין — — — (עס קלינגט דער טעלעפאָן. ער לויפט צו און גיט אַ כאַפּ דעם טעלעפאָן פון דעסק. מיס ראָזן גיט אַ ציטער. ער לייגט זיך אומגעלומפּערט אָן אויפן דעסק און רעדט) האַלאָו!.. יעס... מיסטער קעסלמאַן (מיס ראָזן טראָגט אים אונטער אַ שטול. ער גיט מיטן פוס אַ שמיץ אַוועק דעם שטול פון זיך) איך וויל ניט זיצן, וויל איך ניט... כ׳וועל דאָ, אין אָפיס, באַלד אַליין ווערן אַ זיץ־סטרייקער! (רעדט אריין אין טעלעפאָן) יעס, יאָ... האַ?.. (סטאַרטשעט אויס די אויגן) מ׳זיצט שוין ביי אייך? אַ זיץ־סטרייק?.. אַ לעבעדיקע שיווע זיצט מען אויף אונז!.. איך האָב נאָך געשפּילט גליקלעך... ביי מיר זיינען זיי נאָך אַרויס אין

סטרייק... ס'איז נאָך געווען פאַר דער פּאַריזער מאָדע... אזוי?.. זיך צעזעצט און זיצן?! . און וואָס טוט איר ווען דעם? איר זיצט? איר ווערט צוזעצט? אָ, איר זיצט אויך? זיי — אין שאַפּ, און איר — אין דער היים... איי סי... (וויל זיך אַוועקזעצן און כאַפּט זיך צוריק ניט האָבנדיק קיין שטול) יאָ... מיר האָט נאָך אונטערגע־שפּילט... ביי מיר איז שוין אָלרייט... איך האָב זיי אַלע אַרויס־געשיקט בריוו, אַ חוץ דעם מאַכער זייערן, דעם טשערמאַן... יאָ... איצט, אַז זיי האָבן שוין מאַזאַליעס פון אַרומגיין אויף די פּיס און פּוסטע מאַגנס, וועלן זיי שוין קומען אַרבעטן... ביי מיר וועלן זיי זיצן אין געהאַקטע וואונדן... אזוי? (וויל זיך ווידער אַוועקזעצן און כאַפּט זיך ווידער צוריק) כאַ־כאַ־כאַ... יע, אַמאָל איז זיצן גע־ווען אַ שטראָף איצט, אָבער, איז זיצן גאָר געוואָרן אַ מיטל צו קריגן געשוואָלענע פּיידעס... יאָ־יאָ, ווי גיך זיי קומען נאָר אַרויף צו דער אַרבעט אזוי וועל איך אייך העלפן מאַכן די אָרדערס... וואָס דען?.. איין האַנט וואַשט אַ צווייטע! איז וויפיל וועט איר צאָלן? נו, זאָל זיין אזוי... מיר וועלן שוין דורכקומען... גוד־באַי... יאָ, יאָ! (הייננגט אויף דעם רעסיווער)

מיסטער גאָטהעלף: (קומט אַריין פון עלעווייטאָר) אַ גוט־מאָרגן! (דערלאַנגט אים די האַנט, כאַפּט זיך אַרום מיט דער בוכהאַלטערן) נו, וואָס הערט זיך?

מיסטער קעסלמאַן: נו, זיי פּיקעטן? פּיקעטן?

מיסטער גאָטהעלף: ניטאָ קיין סאַך... בלויז עטלעכע... קוים וואָס זיי קריכן...

מיסטער קעסלמאַן: (צופרידן) אזוי?! זיי וועלן קומען! זיי וועלן קומען! די פראַגע איז אָבער איצט... (פאַרטראַכט זיך) ווי ווערט מען פּאַטער פון די סקעבס? (גייט אַריין ניט־ווילנדיק אין שאַפּ)

מיסטער גאָטהעלף: (כאַפּט אַרום די בוכהאַלטערן, גיט איר אַ קוש) שוין טאַקע געבענקט נאָך דיר, און דו זיצט דאָ און אַרבעסט, ווי דו ווייסט ניט פון קיין זיץ־סטרייק... די פּאַריזער מאָדע ווערט דאָ זייער פּאָפּולער. זי איז שוין דאָ אַריין אין דער שוסטער גאַס. וואו מ'גייט און וואו מ'שטייט הערט מען איצט איין וואָרט — „זיץ"!

מיס ראָזן: (כאַפּט אונטער) — סטרייק!

מיסטער גטהעלף: מיין ווייבל זאָגט מיר, אַז ווען זי דאַרף איצט געלעגן ווערן, דערקלערט זי אַ זיץ־סטרייק.

מיס ראָזן: (צעלאַכט זיך) — און איך האָב דערקלערט אַ זיץ־סטרייק מיין טאַטן. ער גלייכט ניט מיין באָי און וויל אים אין הויז ניט אַריינלאָזן. זיץ איך מיט אים אין מאַשין ביז 2 פאַר־טאָג...

מיסטער גאָטהעלף: (גיט אַ וואונק צווייַדייטיק) זע נאָר, אַז דו זאָלסט פון דעם זיץ־סטרייק ניט עפּעס געווינען...

מיס ראָזן: אַ יע?

מיסטער קעסלמאַן: (קומט אַריין אויפגערעגט) אזעלכע סקעבאַטשעס און האָבן נאָך אַ גרויס מויל! איך זאָל זיי באַ־צאָלן פאַר אַ גאַנצע וואָך אין פאָראויס, אַז ניט גייען זיי ניט אַרונ־טער. הערסט? (צו גאָטהעלפן) פאַר די סטרייקער האָבן זיי מורא און מיך סטראַשען זיי גאָר...

מיסטער גאָטהעלף: (קלאַפּט אים אין פּלייצע) דאַנקט גאָט דערפאַר, וואָס איר האָט כאָטש ניט ביי זיך קיין זיץ־סטרייק. מיט די זיץ־סטרייקס העלפט ניט קיין קונצן. אַז זיי זעצן זיך אוועק, מעגט איר דאַן זיך שוין לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט; מעגט איר צעזעצט ווערן רעדנדיק; מעגט איר זיך הויבן אין דער לופטן — העלפט גאָר ניט — זיי זיצן... אַ מגפה אזאַ... אַ זיצענדיקע קריינק, וואָס לייגט אוועק די באַלעבאַטים אין דר׳ערד אַריין.

מיסטער קעסלמאַן: (מיט ווייטיק) שוין לאַנגע 14 יאָר ווי איך האָב אָנגעלייגט מיטן קאָפּ צו מאַכן מיין שאָפּ פאַר אַ לייט. איצט, אַז די פּרייזן האָבן זיך אהויבגעטאָן און דאָס געשעפטל האָט זיך איינגעשטעלט, פעלט מיר טאַקע ניט מער ווי זיי זאָלן זיך איצט אוועקזעצן...

מיסטער גאָטהעלף: פריער האָבן זיי געשריגן, אַז די באָסעס זיצן זיי אפן קאַרג און איצט זעצן זיי זיך אָן אויף די קעפּ פון די באַלעבאַטים. איך בין אייך שוין גאָר ניט מעקאַנע... (מיס ראָזן וויל אַ לאַך טאָן, דערשרעקט זיך און האַלט זיך איין)

מיסטער קעסלמאַן: וואָס אַ טאָג ווערט ערגער. גיי זיי אַ באָס הייַנטיקע צייטן...

מיסטער גאָטהעלף: (לאַכט) אויב איר וועט טרעפן

מיסטער שפּרינקל און פיינגאָלד לויפן איבער די גאַסן מעשוגע, זאָלט איר וויסן, אַז דאָס קומט פון „„זיצן"... אַי האָט ער אַ סעט „זי־צערס" ...

מיסטער קעסלמאַן: (דערפרייט פון אַ גוטן געדאַנק) שאַ, עפשער וואָלסטו זיך איצט נאָר אַ לאָז אַרויס־געטאָן און קריגן זיינע אָרדערס? פאַרשטייסט: ביי מיר וועט מען שוין היינט אַרבעטן, קען איך אים איצט געבן אַ באַגראַב... (צו מיסטער גאָטהעלפן, גוט ברודעריש) איך האָב זיי דאָך אַרויסגעשיקט אַ בריוול... ניט ווי צו סטרייקער, נאָר ווי אַ מאַמע צו קינדער... זיי צוגעזאָגט פון אַלעם גוטן. זיי וועלן שוין ביי מיר אַרבעטן... קריג נאָר אַריין אַביסל פון שפּרינקל און פיינגאָלדס אָרדערס און...

(עס דערהערט זיך טריט אין שאָפּ. מיסטער קעסלמאַן און מיסטער גאָטהעלף לויפן צו, קוקן אַריין אין שאָפּ)

מיסטער גאָטהעלף: (אַ צופרידענער) זיי קומען! וואָס דען, זיי וועלן ניט קומען?!

מיס ראָזן: (ווערט בייזי) מיסטער קעסלמאַן, וואָס זאָגט איר, אויסמאַכן די קאַרדס?

מיסטער קעסלמאַן: זיכער! געוויס! גרייט אַלץ צו! (צו מיסטער גאָטהעלפן) גיי אַריין אין שאָפּ. רעד מיט זיי אַ וואָרט. מאַך זיך ניט וויסנדיק. זאָלן זיי וויסן אַז איך בין צו זיי...

(מר. גאָטהעלף גייט אַריין אין שאָפּ. איווא קומט אַריין אין אָפיס)

איווא: (שטאָלץ) נו, מיסטער קעסלמאַן, איידער וואָס־ווען, וויל אי...

מיסטער קעסלמאַן: איר האָט זיך אָפּגערוט, וועט איר איצט אַרבעטן געשמאַקער. קיין אַרבעט וועט ניט פעלן...

איווא: אָבער?...

מיסטער קעסלמאַן: (מאַכט זיך, אַז ער פאַרשטייט וואָס זי וויל אים זאָגן) ניט געזאָרגט, די סקעבס זיינען שוין אָפּגעזאָגט געוואָרן. איר קענט זיך אַלע זעצן...

איווא: יאָ? איז גוט! (דורך דער טיר צו די אַרבעטער) מיסטער קעסלמאַן הייסט זיך זעצן. נו, איז געזעצט זיך!

מיסטער גאָטהעלף: (לויפט אַריין צעשראָקן, צו קעסלמאַנען) זיי וועלן זיך זעצן, זאָגן זיי, אָבער ניט צו דער אַרבעט,

נאָר פאַר א זיץ־סטרייק. און דעם טשערמאַן ווילן זיי ניט אַרבעטן. ביז סאָנשיין וועט ניט א פיזיקטאָן אין שאַפּ, וועלן זיי ניט אָנפאַנגען!

מיסטער קעסלמאַן: (צו איוואַן) טאָ צו וואָס פאַר א שוואַרץ יאָר זיינט איר געקומען?

איווא: (מאַכט זיך טאַמעוואַטע) מיר האָבן געקראָגן בריוו... איר האָט אונז איינגעלאַדן, זיינען מיר געקומען...

מיסטער קעסלמאַן: מאַך ניט קיין כוויזעק פון מיר! איך האָב אייך גערופן אַרבעטן. אויב איר ווילט ניט אַרבעטן, טאָ גייט אייך ווייטער זינגען איבער די גאַסן! גייט אייך!

איווא: (מיט שפּאַס) דריי וואָכן זיינען מיר אַרומגעגאַנגען, ווילן מיר זיך שוין איצט אביסל אָפּרוען... נו, דערצו האָט איר אונז דאָך איינגעלאַדן, האָבן מיר זיך אביסל „אַוועקגעזעצט"... זיך אָפּ־צורוען...

(אין שאַפּ דערהערט זיך אַן אפּלאָוז און געשרייען: „דער טשער־מאַן גייט!" „סאָנשיין איז דאָ!" „סאָנשיין!" „סאָנשיין!"...

מיסטער קעסלמאַן: (דערשראָקן, וויל אַריינלויפן אין שאַפּ, סאָנשיין קומט אים אַן אַנטקעגן) וואָס טוסטו אין מיין שאַפּ? (וואַרפט צו סאָנשיינען מיטן פינגער) איך האָב נאָך דיר גע־שיקט?

סאָנשיין: (מיט כוויזעק) מיר טוען שוין אביסל ווי די פיס, ביז איך געקומען זיך אביסל „צוזעצן"..

מיסטער קעסלמאַן: (צעשרייט זיך. שטופּט אַריין גאָטהעלפן און מיס ראָזען אין שאַפּ) זאָג זיי... זאָג זיי, אז די וואָס ווילן אַרבעטן — זאָלן אַרבעטן און... אז ניט זאָלן זיי גיין! איך האָב גענוג סקעבס! ע, פּרעד?!...

(סאָנשיין גיט דורך דער טיר אַ דיריגיר מיט דער האַנט. אַלע אין שאַפּ פאַנגען אָן צו זינגען: „זיצט, איר אַלע וועט ווי שקלאַפן")

מיסטער קעסלמאַן: (גיט מיט כאַס אַ מאַך צו די טיר פון אָפיס) וואָס איז דאָ, וואָס? אַן אָפּערע?

סאָנשיין: ניין, אַ זיץ־סטרייק!

מיסטער קעסלמאַן: (גיט ווידער מיט קאַס אַ עפן די טיר און צעשרייט זיך) וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? וואָס ווילט איר? (צו סאָנשיינען) וואָס האָסטו זיי צעזעצט ווי די הינער? גייט אייך! גייט אייך פּיקעטן אינדרויסן!

ס אַ נ ש י י ן: (שטייענדיק אין טיר און ווענדנדיק זיך מיט אַ הויכער שטימע איןביידע זייטן) יאָ, מיר זיצן ווי די הינער און מיר וועלן אויסזיצן! מיר וועלן אויסזיצן הינדעלעך, קאַטשקעלעך, ברויט און מילך און פּוטער און אַפּילו „רענט" מיט „געז־בילס" וועלן מיר אויך „אויסזיצן"... (מאַרשירט אַריין אין שאַפּ).

מיסטער קעסלמאַן: (שרייט אים נאָך) ניט ביי מיר! ניט ביי מיר! (גיט זיך אַ שטופּ אַריין אין טיר.... ווענדעט זיך מיט דער האַנט) פרעד! פרעד! (פרעד קומט אַריין, קעסלמאַן רעדט צו אים פאַרצווייפלט) פּליס, זע, זאָג די באָיעס, זיי זאָלן זיך שטעלן צו דער אַרבעט. זאָלן די זיצערס צוזעצט ווערן. דיינע אַלע סקעבס וועלן שוין איצט בלייבן אין שאַפּ און איך וועל — — —

פ ר ע ד: יו סי... אָבער זיי קענען ניט אַרבעטן שטייענדיק... די סטרייקער האָבן פאַרכאַפּט אַלע שטולן און געמאַכט אַ זיץ־סטרייק. זיי האָבן איצט אַ מיטינג דאָ אין שאַפּ.

מיסטער קעסלמאַן: (כאַפּט מיט אויפרעגונג די שטולן פון אָפיס און דערלאַנגט דורכן טיר אין שאַפּ אַריין) נאַדיר שטולן! נאַ, גיב זיי שטולן!

פ ר ע ד: (כאַפּט די שטולן און העלפט זיי טראָגן) אַלרייט, באָס, אַלרייט!..

מיסטער גאָטהעלף: (לויפט אַריין צעשראָקן) מיסטער קעסלמאַן, די סקעבס ווילן אויך ניט אַרבעטן. זיי האָבן זיך צעזעצט אויף די שטולן און אויך געמאַכט אַ זיץ־סטרייק.

מיסטער קעסלמאַן: וואָס? אַזוינע פּאַסקודנע סקעבאַטשעס! זיי ווילן נאָך ניט? פרעד! פרעד! פרעד! (שרייט אַריין אין שאַפּ) פרעד!

פ ר ע ד: (קומט אַריין צוזאַמען מיט דזשעקן) וואָס איז?

מיסטער קעסלמאַן: (אויפגערעגט) איר האָט ביי מיר געגומען הונדערטער! איר האָט מיך רואינירט! אויב איר ווילט ניט אַרבעטן, זאָל זיך אייער פוס דאָ ניט געפינען! אַרויס פון מיין שאַפּ! איך רוף באַלד פּאָליציי און אַרעסטיר אייך! איר גענגסטער! איר אויסוואָרפן!

פ ר ע ד: (פאַרצווייפלט, ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן) באָט יו סי...

ד ז ש ע ק: (גיט אים אַ שטופּ אָן אַ זייט) העי יו!.. (ווענדעט זיך צו מיסטער קעסלמאַנען) מיט קיין סקעבס וואַרפט מען זיך ניט

היינטיקע צייטן! ניט אזוי גרינג צו קריגן א סקעב... און ס'איז מאַ־קע א שאַנדע איצט צו סקעבן.

מיסטער קעסלמאַן: (מאַכט זיך מוט) ווער דאַרף אייך? גייט אייך פון דאַנען!

דזשעק: איר האָט אונז געגעבן שטולן? א דאַנק אייך פאַר די סיטס! איצט זיצן מיר צוזאַמען מיט די סטרייקער...

פרעד: (צו דזשעקן) העי, וואָט די העל איז דיס?

דזשעק: דו קענסט שטיין מיטן באָס, אָבער מיר וועלן זיצן מיט די אַרבעטער. די פּעריז־סטייל, ביי גאָלי, איז ע פיין סטייל... (דזשעק גיט אַ מאַך מיט דער טיר און גייט אַריין אין שאַפּ, פרעד לויפט אים נאָך)

מיסטער קעסלמאַן: (צו גאָטהעלפן) געוואַלד! דער זיץ־סטרייק וועט מיך דאָך טרייבן צום אָנזעצן! (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ און ווענדעט זיך אין שאַפּ) געוואַלד! וואָס האָט איר זיך אָנגע־זעצט אויף מיר? (לויפט אַרום אויפגערעגט איבערן אָפיס, פּלוצלונג לויפט ער צו צו דער טיר און נעמט שרייען) מיס ראָזן! מיס ראָזן!

מיס ראָזן: (לויפט אַריין צעשראָקן) וואָס איז? וואָס קען איך טאָן פאַר אייך?

מיסטער קעסלמאַן: (זוכט מיט די אויגן) גיב מיר גיכער א שטול, א שטול... (ער כאַפּט זיך באַם הייגער, מיס ראָזן זוכט אַ שטול. זי וויל אַריינגיין אין שאַפּ, ער רופט זיך צוריק)

מיס ראָזן: געבן אייך עפּשער אַביסל וואַסער?

מיסטער קעסלמאַן: ניין! אים רוף אַריין! סאַנ־שיינען, דעם טשערמאַן! סאַנשיינען!...

מיס ראָזן: (מיט אַ פריילעך פּאָנעם) מיסטער סאַנ־שיין! מיסטער סאַנשיין! מיסטער קעסלמאַן וואָנטס יו!..

(עס קומען אַריין סאַנשיין, איוואַ, עטלעכע אַרבעטער און דזשעק. זיי האַלטן די שטולן הינטער זיך, ווי זיי וואָלטן געזעסן) ......

מיסטער סאַנשיין: (פעסט) וואָס האָט איר צו זאָגן, מיסטער קעסלמאַן?..

מיסטער קעסלמאַן: (צעטומלט, ציט די ווערטער) לאָמיר זיך אוועקזעצן און... לאָ—מיר — — — — (פרעד שטעלט זיך אַריין איר טיר. מיסטער קעסלמאַן גיט זיך א כאַפּ מיט קאָס) ארויס פון דאַנען! אַרויס! (צו סאַנשיינען) נו מיילע, אויב שוין זיצן, אַרבעט שוין, אַרבעט! אַי, מיין קאָפּ... (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ).

(פאָרהאַנג)

# טירן קלאפּער

(אַ שטיפּעריי אין איין אַקט)

פּערזאָנען:

מיכל (אַן אויסגעדאַרט אידל, קוים וואָס ער האַלט איין זיין נעשאָמע אין זיך).

סערקע (מיכלס פרוי).

יונגערמאַן (אַ פאַרשלאָפענער יאָלד).

באַגלייטערן.

ריעל עסטייטניק (גראָבבייכיקער איד).

פּעדלער (איד מיט אַ בערדל).

איד מיט פּושקעס (טראָגט אַ שטריימל און אַ באָרד ווי אַ רידל).

איד מיט א רעגנשירם (טראָגט אַ קאַפּעלושל און אַ באָרד ווי אַ בעזים).

לענדלאָרד (אַ געזונטער בורלאַק).

(די סצענע קומט פאָר אין אַ הויז פון צוויי צימערן. אַ פאָרהאַנג אין מיטן טיילט איבער דאָס הויז. באַם אַריינקומען, לינקס, איז איינגעאָרדנט אַן אָרימע קיך. אין דער צווייטער העלפט שטייט אַ טיש מיט שטולן אַרום; אַ בעט, אַ שאַפע, אַ לאָמפּ און אַנדערע קליינִיקייטן. מיכל שפּאַנט אַרום, בורטשעט עפּס אַ ניגן און פּאָרהוסט זיך אַלע ווײַלע. מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר).

מיכל: מ'קומט שוין ווייטער. קאַמאין! (לויפט צו, עפנט די טיר. עס קומט אַריין אַ יונגערמאַן און אַ באַגלייטערן).

יונגערמאַן: גוט מאָרגן!

מיכל: גוט מאָרגן, גוט מאָרגן! וועמען ווילט איר זען?..

יונגערמאַן: קיין אונטערשייד ניט.

באַגלייטערן: אייער ווייב, צי אייערע קינדער...

מיכל: מיין ווייב (כאַפּט דעם אָטעם) קענט איר ניט זען, ווייל זי איז ניטאָ. מיינע קינדער קענט איר אויך ניט זען, ווייל זיי זיינען אויך ניטאָ. דעם איינציקן, וואָס איר קענט יאָ זען — איז מיך אַליין. ווייל איך בין, דאַכט זיך מיר, נאָך דאָ...

יונגערמאַן: (האַלט די באַגלייטערן אונטערן אָרעם און גייט ווייטער, צו דער פראָנט־רום) אויב אַזוי, וועלן מיר זיצן דערוויל

אביסל און זיך אָפּרוען... (גייען אריין אין פראָנט־רום).

מ י כ ל : וואָס ט'איר געוואָלט?..

ב אַ ג ל י י ט ע ר ן : גאָרניט. אזוי...

מ י כ ל : וואָס הייסט גאָרניט? נאָך גאָרניט האָט איר דאָך געקענט אריינקומען נעקסט־דאָר...

י ו נ ג ע ר מ אַ ן : שוין געווען!..

ב אַ ג ל י י ט ע ר ן : דאָרט איז אויך קיינער ניטאָ אין הויז...

מ י כ ל : וואָס הייסט?.. איך בין באַ אייך קיינער?..

י ו נ ג ע ר מ אַ ן : איר פאַרשטייט... מיר האָבן געוואָלט זען אַלעמען... צוזאַמען...

ב אַ ג ל י י ט ע ר ן : (רעדט נאָך יעדעס וואָרט דעם יונגנמאַן) אייך, אייער פרוי, די קינדער... נאָר אזוי ווי זיי זיינען ניטאָ, — איז מײלע: וועלן מיר שוין כאַפּן אַ שמועס מיט אייך אַליין...

מ י כ ל : אויב איר וועט רעדן איינציקווייז, וועל איך זיך עפּשער קאָנען ספּראַווען מיט אייך. אָבער מיט ביידע? — ניט פאַר מיינע קויכעס!.. איך בין אַ שוואַכער מענטש... איך לייד פון אַסטמע, רומאַטיזם און... איך האָב אויך אַ ווייב מיט קינדער, וועמען איך דאַרף סופּאָרטן...

י ו נ ג ע ר מ אַ ן : ווי איז אייער נאָמען, כ'בעט אייך?..

מ י כ ל : מיין נאָמען? אַמאָל האָב איך געהאַט זייער אַ גוטן נאָמען. נאָר לעצטנס, אַז מ'אַרבעט ניט, מ'פאַרדינט ניט, איז פרעגט בעסער ניט. דער גראָסערימאַן, דער בוטשער, דער לאָנדרימאַן, זיי אַלע ווילן ניט הערן און ניט וויסן פון מיין נאָמען...

י ו נ ג ע ר מ אַ ן : (צעלאַכט זיך) מיר מיינען... ווי הייסט איר?

מ י כ ל : ווי איך הייס? עך! ווען מ'זאָל מיך פאָלגן, ווי איך הייס, וואָלט דער לענדלאָרד מיר שוין לאַנג אויסגעפאַרבט די צימערן... מיין ווייב וואָלט איצט געווען אין הויז, און ניט דערלאָזט, אַז יעדער נודניק זאָל קומען און מאַטערן אַזאַ שוואַכן מענטשן, ווי איך...

ב אַ ג ל י י ט ע ר ן : וואו איז דען אייער ווייב?

מ י כ ל : מיין ווייב — לויפט אַרום. דאָ אַ גוטמאָרגן, דאָ אַ גוט יאָר. אין איין טיר אַריין, פון אַ צווייטער אַרויס. איר הערט? (ער פאַרציט דעם פּאָס אויף די הויזן) זי זאָגט, אַז די וועלט האָט אַזאַ

פּאָנים ווי איך: דאָר קוואַר, אַן בלוט, אָן סייכל און... פּלאָנטערט זיך אונטער די פיס... לויפט זי דאָס דעריבער אַרום איבערמאַכן די וועלט.

יונגערמאַן: אַזוי, אַזוי?!..

באַגלייטער: (צופרידן) טאַקע?

מיכל: טאַקע... אַזוי!..

יונגערמאַן און באַגלייטער: (צוזאַמען) אויב אַזוי, האָבען מיר טאַקע פאַר איך אַ פּלאַן. פּאַקט איין ס'פּעקל מיט'ן פּלעקל און פאָרט וואו אַלע גוטע און פרומע אידן פאָרן. — אין הייליקן לאַנד, ערעץ-איסראָעל...

מיכל: נו, און אַ לעבן מאַכט מען דאָרט?..

באַגלייטער: אַ פראַגע — לעבן... אַלע ווייסן, אַז אַפילע צו שטאַרבן אין ערעץ-יסראָעל איז בעסער, ווי דאָ צו לעבן!..

מיכל: פּאָרט אייך געזונט, אויב איר ווילט! איך בין שוין האַלב-פּאַרטיק דאָ, אין אַמעריקע...

(עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. מיכל לויפט עפענען. יונגערמאַן און באַגלייטער שמועסן צווישן זיך).

ריעל עסטייטניק: (סאַפּעט שווער) אַ גוט מאָרגן אייך!

מיכל: אַ גוטן מאָרגן! אַזוי לאַנג ווי ס'קאָסט נאָך קיין געלט ניט...

ריעל עסטייטניק: (קוקט איבערראַשט) פע-פע... דאָס זייט איר דאָ? אַזוי?.. דאָס זייט איר?.. אויב אַזוי, טאָ נאָט אייך שוין פאַר איין וועגנס אויך אַ שאָלעם-אַלייכעם!

מיכל: (כאַפּט זיך באַ דער האַנט פון דעם שווערן האַנט-דרוק) ניין. דאָס איז ניט איך! דאָס איז בלויז מיין בינטל ביינער! מיך אַליין קענט איר געפינען אין אַ צענדליק שעפער. צו עטלעכע פונט אין אַ שאַפּ... (פאַרהוסט זיך).

ריעל עסטייטניק: (צעלאַכט זיך און די פאַלדן קייקלען זיך איבער זיין בויך) העַ,העַ,העַ, אַזוי?!.. און וואָס קאָסט אייך דאָ רענט?..

מיכל: וואָס איז דער אונטערשייד? איר וועט עס מיר דען מאַכן ביליקער?..

ריעל עסטייטניק: (שפּאַנט צו דער פראָנט-רום און

באַטראַכט די צימערן) כ׳מיין ... ס׳איז אינטערעסאַנט צו וויסן ...

מ י כ ל : (רוקט אַריין די פינגער אונטער די שלייקעס) ווי איר קוקט זיי אָן, קאָסט דאָס אַלץ מיט אַנאַנדער — גאָרניט ...

ר י ע ל ע ס ט י י ט נ י ק : גאָרניט? איר מיינט, טאַקע גאָר גאָרניט?

מ י כ ל : טאַקע גאָר, גאָר, גאָר גאָרניט... וואָרים, אַז מ׳צאָלט גאָרניט — קאָסט גאָרניט. און ארויסשטעלן מיין ווייב פון די רומס, — איז ווי ארויסשטעלן אין שפיגל אַ צונג. מ׳מוז זי גלייך אַריינ־נעמען צוריק אין מויל אַריין ...

ר י ע ל ע ס ט י י ט נ י ק : (צעלאַכט זיך מיט אַ גראָב גע־לעכטער) נו, האָב איך ניט געטראָפן! (שפּאַנט אין פראָנט־רום אַריין. מיכל גייט אים נאָך). כ׳האָב געמיינט, איר וועט באַ מיר קויפן אַ לאָט, בויען אַ הויז און אַליין ווערן אַ לענדלאָרד... מיינער אַ לאָט... (ווענדעט זי צו אַלעמען) איז אַ באַרגן דאָס געלט אַפילו אויף קאַרקע ...

מ י כ ל : אויב אַזוי, טאָ ליגט זיך געזונטערהייד ...

(עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. מיכל לויפט עפענען. דער ריעל עסטייטניק זעצט זיך צו לעבן פּאָרל און באַווייזט זיי אַ מאַפּ).

פ ע ד ל ע ר : (קומט אַריין מיט אַ קערבל אויף די הענט) א גוט מאָרגן! .

מ י כ ל : א גוטן מאָרגן! וואָס ט׳איר געוואָלט? ..

פ ע ד ל ע ר : (נעמט גלייך אויסרעכענען זיין צעטל סכוירע און צעלייגט דאָס אויפן טיש). סאַם פאַר קאַקערוטשעס! סאַם פאַר וואַנצן! סאַם פאַר מייז! סאַם פאַר פליגן! סאַם פאַר מאָסקיטאָס! סאַם פאַר ...

מ י כ ל : (נעמט וואַרפן די סכוירע צוריק אין קערבל). פאַר זיך! פאַר זיך! .. נעמט עס אייך געזונטערהייד! באַ מיר אין הויז קענען זיך די מייז מיט די קאַקערוטשעס שטאַרבן פון הונגער... זיי דאַרפן ניט האָבן קיין סאַם דערצו ...

פ ע ד ל ע ר : (דערהערט רייד אין פראָנט־רום). אָבער איך, איך אַליין דאַרף דאָך מאַכן אַ לעבן ...

(עס קלאַפּט ווידער אין טיר. מיכל לויפט עפענען. דער פעדלער גייט אַריין אין פראָנט־רום און ווייזט דאָרט זיין סכוירע. עס קומען אַריין דער איד מיט די פושקעס און דער איד מיטן רעגן־שירם).

אִ י ד  מִ י ט  ד י  פּ ו ש ק ע ס : אַ גוטן מאָרגן אייך!..

אִ י ד  מִ י ט ן  ר ע ג ן ־ ש י ר ם : אַ גוטן יאָר אייך!.. מיר זיינען אידן און מיר זוכן אידן... און ווען מיר האָבן געהערט, אַז דאָ רעדן אידן, — זיינען מיר אריין צו אידן!..

אִ י ד  מִ י ט  ד ע ר  פּ ו ש ק ע : איר פאַרשטייט? מיר האָבן געמיינט, אַז דאָ איז אַ מיטינג, האָבן מיר געוואָלט מאַכן אַז אַפּילו פּאַר אַ יעשיוועס...

אִ י ד  מִ י ט ן  ר ע ג ן ־ ש י ר ם : אויך פאַר אַ קאַלע און... פּאַר יעסוימים...

מ י כ ל : עפּשער דאַרפט איר אַ כאָסן פאַר אָט דער קאַלע?

אִ י ד  מִ י ט  ד ע ר  פּ ו ש ק ע : (גלעט זיך די באָרד). אַ כאָסן קען זי קריגן. אָבער נאָדאָן מוז זי שאַפן... איך זע, אַז ביי אייך איז פאַראַן אַ פיינער פּלאַץ אויפצוהייגעגן אַ פּושקע... טאַקע־נו, ווי קען עס גאָר זיין גאָר אַ אידישע הויז אָן אַ פּושקע?..

(נעמט אַרויס פון קעשענע אַ האַמער מיט טשוועקלאַך און ביידע נעמען זיך אָנצוקלאַפּן אַ פּושקע)

מ י כ ל : (כאַפּט זיי פאַר די הענט). הערט איר? איר מעגט זיך הייגעגן וואו איר ווילט, נאָר ניט ביי מיר אין הויז!.. ווען מיין ווייב דערזעט אַזאַ פּושקע ביי איר אויף דער וואַנט, הייגנג איך ביי איר, אָט דאָ, אויפן סילינג...

אִ י ד  מִ י ט ן  ר ע ג ן ־ ש י ר ם : (צום איד מיט דער פּושקע). מיילע נו, לאָמיר אריינגיין אַ קוק טאָן, וואָס מ׳קען אַזוי מאַכן ביי אידן...

(מיכל האָט זיי געוואָלט צוריקהאַלטן און ניט לאָזן גיין אין פראָנט־רום. אָבער דערביי דערהערט זי ווידער אַ קלאַפּ אין טיר. מיכל בלייבט שטיין אַ ווײַלע אין אַ פאַרלעגנהייט און לאָזט זיך צו דער טיר. אין פראָנט־רום ווערט דערווייל אַ גאַנצער מאַרק. דער איד מיט די פּושקעס ווייזט אַלעמען אַ פּאַפּיר און זיי קוקן אַריין. עס קומט אריין סערקע).

מ י כ ל : (צעשראָקן). דאָס ביסטו, סערקע?..

ס ע ר ק ע : זעסט דאָך, אַז דאָס בין איך... אָבער ווער זיינען דאָס די אַלע דאָרט אין פראָנט־רום? (כאַפּט אַ קוק דורך דער פאָרהאַנג פון טיר). וואָס איז דאָ אַ יאַריד? אַ מיטינג?..

מ י כ ל : אַ־נו, ווייז דו אַ קונץ און ווער פון זיי פּאַטר! איך.

מיט מיין קויעך, קען דאס ניט באווייזן! (צעהוסט זיך). מ'האט מיך גארניט געפרעגט און זיך צעזעצט, ווי אין א פארק!

ס ע ר ק ע : (פארקאשערט די ארבל) און ווער זיינען זיי?..

מ י כ ל : איינער פארקויפט לאטס, איינער פארקויפט ערעץ־איסראעל ערד, צוויי משולאכים, און נאך א פאר סטאם געשפטס־לייט... ווען זיי האבן מיין אסטמע, וואלטן זיי ניט געקראכן אויפ'ן פערטן פלאר...

ס ע ר ק ע : האסט דא געמאכט א כאזער־שטאל אין הויז! צו וואס האסטו זיי אריינגעלאזט?..

מ י כ ל : ווארעם זיי האבן מיך דען געפרעגט?..

ס ע ר ק ע : (לויפט צו צום פענצטער און שרייט אויס) יוהו!.. מיסטער קארפ!.. מיסטער קארפ!.. יע, דעם לענדלארד!.. זייט זיך מאטריעך און קומט גלייך ארויף צו מיר!.. (צו מיכלען) אט וועל איך זיי באלד וויזן, ווער עס איז דער באלעבאס פון דער הויז...

ל ע נ ד ל א ר ד : (גיט האסטיק אן עפן די טיר) וואס איז דא געשען, וואס?..

ס ע ר ק ע : (גיט מיכלען א שטופ אוועק אן א זייט) דאס זיינען די טענענטס פון אייערע אנדערע הייזער מיר געקומען זאגן, אז איך זאל אייך ניט צאלן קיין רענט... דאס האבן זיי איצט א מיטינג. באשלאסן צעווארפן אייערע הייזער און... קאפוט, מיס־טער קאארפ!..

ל ע נ ד ל א ר ד : (אויפגערעגט) וואס? זיי ווילן מיר צע־ווארפן מיינע הייזער? (לויפט צום פענצטער און שרייט ארויס) מאיק!... מאיק!.. שיק ארויף אהער די פאליס! גיכער!..

(די אידן אין פראנט־רום ארגומענטירן דערווייל. סערע ווינקט שפאסיק צו מיכלען. ער מיכל, שטייט צעשראקן, דער לענדלארד שטייט אין טיר אוןווארט אויף דער פאליציי).

ס ע ר ק ע : (שפאסט) הערסט א מאיסע, זיי ווילן מיר זאגן, צי אי זאל יא צאלן רענט, צי ניט?!..

ל ע נ ד ל א ר ד : (באגעגנט די פאליציי) אט אזוי!..(נעמט דעם פאליסמאן ביי דער האנט) אט די כעווערע האט איצט באשלאסן ארונטערצוווארפן מיינע הייזער. איך וויל דעריבער, אז דו זאלסט זיי אלעמען גלייך ארעסטירן...

פ א ל י ס מ א ן : (גיט מיסאמאל אן עפן דעם פארהאנג און

אַלע ווערן צעשראָקן) פאַרנעמט זיך! גיכער!.. קומט אין פּאָליס־סטיישאָן! אונטן וואַרט שוין פאַר אייך אַ גרויסער וואָגן!.. מען וועט אייך ווייזן, ווי צו מאַכן קאָנספּיראַציעס קעגן אַזעלכע לענדלאָרדס ווי מיסטער קאַרפּ!..

לענדלאָרד: דאַט'ס רייט!.. דאַט'ס רייט!..

(פּאָליסמאַן נעמט זיי אַלעמען וואַרפן פון הויז. לענדלאָרד לויפט אַרויס אַ צופרידענער).

סערקע: (קייקלט זיך פאַר געלעכטער) אַט אַזוי! זאָלן זיי אויך אַמאָל פאַרזוכן דעם טאַם פון ווערן אַרויסגעשטעלט אין גאַס!..

מיכל: (אויך צופרידן) סערקע, טייערע, אַזאַ יאָר אויף מיר ווי מען קען זיך עם פאַרלאָזן אויף דיר!.. האַלעוואַי ביסטו נאָר אַלע־מאָל אין הויז און... פונדעסטוועגן, רעכן איך, אַז דו זאָלסט בעסער פאַרמאַכן די טיר. וואָרים ער קען נאָך צוריק אַריינקומען בעטן רענט, אָדער גאָר פאַר איינוועגס אונז אויך אַרויסשטעלן...

סערקע: (לאַכנדיק) ער וועט שוין איצט ניט קומען! און אויב אַפילו יאָ, וועלן מיר זיך שוין אַן אייצע געבן מיט אים. פאַר־שטייסט? אויף אַרויסצוואַרפן דעם גאַרבעדזש, האָב איך אים טאַ־קע גערופן, אָבער אויף אים אַליין אַרויסצוואַרפן — וועל איך זיך שוין אַליין ווי ניט איז ספּראַווען... לאָז שוין דאָס איבער צו מיר!..

(מיכל לאַכט, צעהוסט זיך און גיט סעהקען די האַנט).

(פאָרהאַנג).